# אליין

(ראמאן)

י. אפּאטאָשו

*Alone*
*by J. Opatoshu*



פאַרלאַג „נײַ-צײַט“, ניו יאָרק

1919

אין ווילדען וואלד אליין,
אין ווילדען וואלד אליין...
(פאלקס־ליעד).

## שרה'קע וואקסט אליין אין וואלד.

שרה'קע איז געוואקסען אין וואלד אליין, כמעט אהן חבר'טעס.

מאריאנא, דעם לעשניק'ס ווייב, האט שרה'קען מיטגענומען קלויבען יאגדעס, שוואמען, פערקראכען מיט איהר אויף דער לאנקע, נישט ווייט פון דער ווייכסעל, וואו זייערע קיה האבען זיך געפאשעט.

שרה'קע איז געזעסען, געריסען פעלד־בלומען און געהערט ווי מאריאנא דערצעהלט וועגען דעם אלטען מילנער וואס געפינט זיך אין דער ווינד־מיהל, ווי דער מילנער קען ארויספיהרען די שטיינער און זיי לויפען איהם נאך ווי געטרייע הינד, ווי דער מילנער האט א פלייט און אז ער וויל, געהט ער אין פעלד אריין, זעצט זיך אוועק, נעמט שפילען און מחנות־ווייז בעווייזען זיך פעלד־מייז, רינגלען איהם ארום, דרעהען מיט די עקען און אז ער הערט אויף צו שפילען בעהאלטען זיי זיך אלע אין די נארעס.

זוניגע פליטערלער האבען געגלעט, געקושט, זיך פערקליבען אין די פערזשמורעטע אויגען — האט שרה'קע אריבערגעווארפען א פאסמע שווארצהאר, נישט געקענט מעהר איינזיצען, גענומען ביי מאריאנען א שטיקעל ברויט און געגאנגען צו די וועלשענעביימער. זי האט ליעב געהאט צו קוקען ווי די וויוווערקעס שפרינגען פון צווייג צו צווייג. זי האט זיי געווארפען קרישקעס און די וויוווערקעס האבען שרה'קען ארומגערינגעלט, געגעסען פון איהרע הענד ארויס.

די קליינע שרה'קע איז געשטאנען מיט'ן צושפרייטען פאר־טוכעל א פרישע, מיט רויטע פערעמלער אין די בלאסע באקען און ארום איהר זיינען געשפרונגען גאלדענע וויווערקעס, געשפרונ־גען, זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיסלעך, פעריסען די לאנ־גע, האריגע עקען, געקוקט, איינגעקוועטשט די שנעבעלער און גע־שמעקט.

און אז זי האט צוטיילט דאס גאנצע ברויט, האט זי אראפ־געלאזט דאס פארטוכעל, געשטאנען נאך א ווײלע, א פאטש גע־טון מיט די הענטלעך:

— נישטא מעהר! ווארט, מארגען וועל איך ווידער קומען!

זי האט זיך געשלעפט איבער'ן וואלד.

א האז מיט א פאר אויפגעשטעלטע אויערען איז געזעסען אויף די הינטערשטע פיסלעך, ווי אן אויסגעהאקטער און גע־קוקט אין הימעל אריין. ער האט דערזעהן שרה'קען, זיך א פנים דערשראקען, אומגעלייגט די אויערען און געמאכט פים.

שרה'קע איז געבליבען שטעהן, אריינגעלייגט א פינגער אין מויל, זיך פערטראכט און געגאנגען ווייטער.

אויף'ן וועג האט זי געקליבען רויטע יאגדעס. זי האט זיך אפגעשטעלט ביי א יונג ביימעל און עס דרייסט א שאקעל גע־טון:

— דו ווייסט, כ'בין דעם שרייבער'ס טאכטער?

— דו ווילסט מיר נישט ענטפערן?

— נארעלע, אז כ'ווער בייז, בעט איך מיין טאטען, האקט מען דיך אוים!

— מיין טאטע וועט מיך נישט פאלגען?

— ער וועט מיך יא פאלגען! ער האט מיך אזוי ליע —ב —

— — אלע ביי־נאכט נעמט ער מיך אין בעט אריין און דער־צעהלט מיר אזוינע שעהנע מעשיות און דיך נישט, אבע! דיך נישט — — — — דו וויינסט? וויין נישט, כ'וועל איהם נישט

זאגען, אסור! כ'וועל אלע מאג צו דיר קומען. מיר וועלען זיין חבר, כ'וועל דיר אלץ דערצעהלען, אלץ, גוט? כ'האב אזא שעהנע ליאלקע מיט זיידענע קליידער, אז מען גיט איהר א קוועטש רעדט זי.

— גלויבסט נישט? יא, גלויב, מיין טאטע זאגט, כ'זאג קיין מאל קיין ליגען נישט!

— פארוואס שווייגסטו? געה ביזט א שלעכטער! כ'האב פיינד שלעכטע! כ'וועל מיט דיר אייביג זיין ברוגז, אייביג!

און אז אנגעכמורעטע האט זיך שרה'קע געשלעפט איבער'ן וואלד, ביז זי איז פערקראכען אויף'ן בערגעל וואו דער וויאטרעק איז געשטאנען. דעם וויאטרעק האט שרה'קע זעהר ליעב געהאט. פיעל מאל האט זיך איהר געדאכט אז דער וויאטרעק איז אן אלטער גבור, שטעהט אויף'ן בערגעל, מיט דעם גרויסען פערשימעלטען היטעל און פערטרייבט פון זיי אלע וואלד־גזלנים.

דער אלטער וויאטרעק איז א גוטער נור מען דארף איהם נישט ברעננגען אין כעס אריין. אז מען ברענגט איהם אין כעס נעמט ער וואיען, פייפען און דרעהט מיט די פליגלען אהן אויפהער, און טאקע פאר־א־יאהרען איז דאס יונגע ביקעל מיט'ן אייגעם הארן ארויס פון שטאהל, אויסגעהאקט דאס פענסטער, גענומען איבערקעהרען דעם גאנצען הויף. דאס ביקעל איז באלד צו צו'ם וויאטרעק און מיט'ן גאנצען כח איהם א באדושע געטון. דער וויאטרעק האט געטון א שטארקען קרעכץ, א פליגעל האט זיך אויסגעבראכען און דאס ביקעל איז אוועקגעשליידערט געווארען אויף עטליכע איילען א דער'הרג'געטער.

פון דעמאלט אז האט זי נאך ליבער געקראגען דעם וויאטרעק. פאר'ן מילנער האט זי אפלו מורא געהאט, נור זי האט נישט געוואוסט, וואס עס ציהט זי צו איהם. זי האט איין מאל געזעהן, ווי דער אלטער מילנער האט אנגעריסען וועלשענע בלעטער, געדרעהט די בלעטער, געדרעהט, גענומען די פלייט זיך פענאנדערגעשפילט — האבען די בלעטער גענומען טאנצען, זיך דרעהען ארום איהם. שרה'קע האט נאך מעהר מורא געקראגען

פאר'ן מילנער און אין דער זעלבער צייט איז זי אפטער נעגאנגען צו איהם.

— גוט מארגען, מיקאלאי!

— גוט מארגען, שעהנע פאננא! וואו איז דער פאן שרייבער?

— דער מאמע איז אין וואלד.

— גוט טעכטעריל!

— מיקאלאי, שפיעל א ביסעל!

דער אלטער מילנער האט ארויסגענומען די פליים, געמאכט עטליכע באוועגונגען מיט די פינגער, פערלייגט א פוס אויף א פוס און זיך פארנאנדערגעשפיעלט.

שרה'קע האט געקוקט אויפ'ן גרויען מיקאלאי, וואס וואהנט תמיד איינער אליין אויף דער ווינד־מיהל, האט נישט קיינעם און ס'איז איהר אומעטיג געווארען.

מיקאלאי האט אויפגעהערט שפיעלען און א קוש געטון שרה'קען אין קעפעל.

שרה'קע איז געווארען דרייסטער, ארייננגעשטעלט איהר הענטיל אין זיינע זילבערנע פאסמעס האר:

— האסט נישט מורא דא אליין צו זיין? אפילו ביי נאכט אויך נישט?

— פאר וועמען זאל איך מורא האבען, קינד מיינס?

— ברײנע זאגט אז ביי נאכט טאנצען ארום אויפ'ן וויאטרעק טייוואלים. און דו האסט נישט מורא? ווי זעהט אויס א טייוועל?

מיקאלאי האט געשמייכעלט:

— ווי א ציגיינער נור מיט אז עק.

— יא, יא — האט שרה'קע זיך געפרעהט — איך האב אמאל געזעהן ווי א קליין ציגיינעריל האט זיך געגליטשט א בארוויסער אויפ'ן אייז. ער האט געהאלטען די הענטלעך אין די קעשענעס, זיך געגליטשט און צוגעפייפט. און אז ער האט געזעהן ווי זיך

קוק איהם אָן, האָט ער זיך פּענאַנדערגעלאַכט און מיר אויסגע־בלעקט אַ צונג. מיקאַלאַי, אמת ער איז אַ טייוועל?

— אַ קליין טייוועלע — האָט זיך מיקאַלאַי צולאַכט.

שרה׳קע איז אַראָפּ פון וויאַמרעק, געזשמורעט פון צופּיטל־ליכט מיט די אויגען און געגאַנגען מיט דער לאַנקע.

די ווייכסעל האָט זיך געצונדען אונטער דער צופלאַמטער זון, זיך געוויגט ווי אַ ברילליאַנטענער שפּיגעל, אָפּגעשפּיגעלט די גרי־נע לאַנקעס — איז די ווייכסעל פון ביידע זייטען גרין געוואָרן. און בארג אַרויף וואו די ווייכסעל האָט זיך געשפּאָלטען אין צוויי־ען, מיטגעריסען, צודריוועלטע, זילבערנע סטענגעס און געפּאַלען מיט אַ געפּילדער אויף שפּיצינע, מיט גרינעם מאָך בעוואַקסענע סקאַלעס — איז אויסגעוואַקסען וואַנדעם קריסטאַלענער פּאַלאַץ.

און וואַנדע, די קייסערין פון דער ווייכסעל, מיט די גאָלדע־נע האָר, מיט׳ן בלויען קלייד, ווי דער ים, האָט געבלענדט די אויגען, געגלעט און געוואַרעמט ווי אַ שטראַהל, זיך פער׳גנב׳עט אונטער׳ן האַרץ און געוועקט, גערופען אין פּאַלאַץ אַריין, גערופען צו די שוואַרצע סקאַלעס — האָט שרה׳קע דערזעהן די מוטער אַזאַ יונגע, אַ וואַסערדיגע, געשלייערט אין שבת׳דיגע טערקישע שאַל־טיכער.

— קום טאַכטערשי, קום צו דיין מאַמעשי! שלעכטע מענ־שען האָבען דיך פון מיר צוגענומען. טאַכטערשי! קום צו דיין מאַמעשי! — האָט די ווייכסעל גערופען, פערנאַרט צו זיך.

און טיעף פון וואַלד אַרוים זיינען שטראַהלען בעפאַלען שרה׳־קען. זי גענומען קושען, צינדען איהרע בלאַסע באַקען — האָט זי פערזשמורעט די אויגען, איינגעקאַרטשעט דאָס קעפּעל און פער־שוואונדען צווישען די ביימער.

— וואו געהסטו דו. טאַכטערשי? — איז מרדכי, איהר אַנט־קעגען געקומען מיט צושפּרייטע הענד.

דער פאַטער האָט זי אויפגעהויבען, זיך איינגעקוקט אין איה־רע שוואַרצע אויגען, אַז שרה׳קע האָט אַזש מורא געקראָגען, זי

צונעדרוקט א ווײַלע צו זײַן ברוסט און א פערטראַכטער גענומען געהן מיט איהר א היים.

די ביימער איינס ביי איינס געקליבענע, ווי די ריזען, מיט קרוינען אויף די קעפּ. האבען געטראַגען סודות אויף הונדערט שלעסער. ווינטער אין די לאַנגע אָווענדען, ווען די העקערס זײַנען צוועק פון וואַלד, האָבען די יונגע ביימער זיך געטוליעט צו די אַל־טע. די אַלטע ביימער האָבען צועפענט די פעררּאַסטעטע שלעסער און דערצעהלט ווענען וואַנדען, די קייסעריין פון דער ווייכסעל, ווענען די אלטע דעמבעס צו וועלכע די העקערס האבען תפילה געטון, ווענען דעם ערשטען ישוב אָרום דעם „אלשענע“ וואו מרדכי׳ס עלטער זיידע האט פערטריבען מיט א שם־המפורש די רוחות פון וואַלד, ווענען מרדכי׳ס געהאַנגענעם טאַטען, וואָס האט געמריי געדיענט פּויליען.

מרדכי׳ס זיידע איז געווען שרייבער אין ליפּאָווצער וואַלד. דאָרט איז זײַן טאַטע געבאָרען געוואָרען, זיך אויסגעהאָדעוועט, חתונה געהאַט און פערנומען דעם זיידענ׳ס שטעל. דאָרט איז ער מרדכי געבאָרען געוואָרען, זײַן קינדהייט פערבראַכט, גע־לערנט ביי דעם מקובל ר׳ איטשען, דאָרט האט ער זיך פערליעבט אין פאַכטער׳ס טאַכטער רחל.

די טונקעלע וועלדער האבען געהאַט צו דערצעהלען ווענען שפּילע נעכט, ווען די בלאַסע רחל האט מרדכי׳ן גערופען, איהם געצווינען ווי מיט א מאַגנעט, ווענען דער קרינערייַ צווישען פאַ־טער און זוהן, ווענען דעם ווי מרדכי איז פערפאַלען געוואָרען און דער פאַטער האט איהם פון איהם מעהר ניט געוואָלט וויסען.

קלאַנגען האבען זיך פערשפּרייט אַז מרדכי געפינט זיך אין פּרייסען, איז ווייט פון אידישקייט, וואוינט מיט א דייטשקע.

די פישערס האבען געטענה׳ט אַז וואַנדע נעמט פאַר עפּיס נקמה און מען דאַרף זי איבערבעטען — האט מרדכי׳ס מוטער דורך דעם נאַנצען „קאַרנעוואַל“. ווען די פישערס האבען חתונה, גע־שיקט זיי פעסלעך ביער און די ווייבער פון די חתנים׳ס צד, הא־

בען צומארגענס נאך יערער תתונה, אויסגעשלייערטע און מיט געזאנג, געשאנקען וואנדען דאס ליילעך.

זעלנער זיינען געקומען אין וואלד אריין, געזוכט מרדכי'ן. דעמאלט האט שוין דער פאטער געוואוסט אז מרדכי איז צוריק אין פוילען, געפונען זיך מיט די „זשלאוועו" אין קיעלצער געגענד און האט איהם אלץ מוחל געווען. אז ס'איז געווארען פינסטער האט ער אנגעצונדען ליכט אין אלע פענסטער, געווען זיכער אז מרדכי קען יעדער נאכט אהיימקומען.

מיט פארלענגטע הענד אויף א הינטען איז מרדכי ארויס פון וואלד. שרה'קע איז איהם נאכגעגאנגען. ארום און ארום, ווי ווייט ס'אויג האט געקענט כאפען, זיינען די פעלדער געווען באדעקט מיט פיענעס פון אפגעהאקטע ביימער און מיט אפגעשאסענער מאה, ווי מען וואלט איהם ארויסגענומען סוף ווינטער פון דאפעלטע פענסטער. די פיענעס מיט אפגערעקטע, אפגעסמאליעטע ווארצלען האבען אויסגעזעהן ווי שטוהלענע לאפעס פון בעהאלטענע חיות, וואס האבען זיך איינגעגראבען אין דער ערד און גאנצע אויס ביז צום לעצטען טראפען די פייכטקייט. די ערד האט זיך נעקרישעלט אונטער מרדכי'ס פיס, געהוסט ווי זי וואלט סוכאטע געהאט. און די עטליכע ביימער וואס זיינען געשטאנען דא און דארט, ווי פארגעסענע, האבען געקוקט מיט זייערע אויסגעדארטע צווייגען פון מזרח נאך מערב און גע'חלום'ט פון אמאליגע צייטען, ווען די וועלדער האבען זיך געצויגען ביז איבער פלאצק. נישט געווען איינגעטיילט אין שררה'ישע און פוי־ערישע, נישט געווען צושניטען אויף ליפאוועצער, אומניסקער און רעגיערונג־וועלדער. די עטליכע ביימער האט מען נישט אויסגע־האקט, זיי איבערגעלאזט אויף א זכר, דען אויף זיי האט דער שונא אויפגעהאנגען אפשר דאס שעהנסטע וואס פוילען האט אמאל געהאט — דעם אויפשטאנד.

היינט זיינען די אויסגעדארטע צווייגען באדעקט מיט נעסטען פון קראהען.

די הונדערט יעהריגע ביימער געדענקען אבער בעסערע צייי־

מען — צו זיי האט מען תפילה געטון, דער אדלער האט פון זיי־
ערע קרוינען אנגעיאגט א שרעק אויף די וואלד־פוינעל און דאכט
זיך, נעכטען נאך האט דער לאנג־וואנסיגער פארלעווסקי מיט זיין
קרומע שאבלע דא גערוהט מיט זיינע מחנות.

צווישען די געהאנגענע איז געווען מרדכי׳ס פאטער. מרדכי
האט געשפרייזט פון איין בערגעל מאך אויף׳ן צווייטען, פארגעסען
וואו ער איז און וואוהין ער געהט. ער האט געקוקט אויף די ווייַ־
סע בעריאזקעס, ווי פארשנעעטע און עס האט זיך מיט אמאל
ביי איהם גענומען פלאנטערען ווי א דורכגעווייקטער, א הונגע־
ריגער, איז ער געשטאנען איבער׳ן פאכטער מיט א לאמטערנע און
נעוועקט — געוועקט ער זאל איהם העלפען ברענגען דעם פאטער
צו קבר־ישראל.

נישט־גוטע האבען זיך אפגעריסען פון אלע זייטען, ארום פון
טיעפען וואלד מיט א פייפעריי, נעשמיסען פלאכטעסווייז דעם
שנעע, אז פונקען זיינען אזש געפלויגען פאר די אויגען. פון פינ־
סטערען וואלד האט זיך געטראגען א פערשטיקטער געוויין און
ס׳האט זיך געדאכט אז דער געהאנגענער ראנגעלט זיך נאך מיט׳ן
שונא — — — — — .

דאס האבען וואראנעס געקראקעט, געפלויגען ארום דעם גע־
האנגענעם און געטון „זיין רעכט“.

ביז איבער׳ן גארטעל איז שנעע האט מרדכי מיט׳ן פאכטער,
געבוינענע, מיט׳ן „שמע־ישראל“ אויף די ליפען, געטראגען דעם
מת אהיים.

נאך דער נאכט האט מרדכי בעשלאסען צו בלייבען אין וואלד.
די העקערס האבען זיך געשושקעט אז דער יונגער פאן, האט גע־
וואלט בעפרייען פוילען. אז קאזאקען קענען איהם יעדע נאכט
בעפאלען, צושניידען אויף שטיקער, האבען זיי מיט די העק גע־
היט דאס הויז.

קיינער איז דאס הויז נישט בעפאלען. די שטובינע האבען
געזעהן אז מרדכי איז געווארען אנאנדערער. ער האט וועגען זיך
קיינמאל נישט גערעדט. אויסגעמיטען מענשען און זיך בלויז פשר־

נומען מיט געשעפט. די קאסטענס מיט ביכער וואס זיינען צו איהם אנגעקומען פון אויסלאנד האט ער נישט געהייסען עפענען, זיי פערשלאסען נישט געעפענטערהייט אין א קאמער. ער איז געווארען פרומער פון טאג צו טאג, צוריק אנגעהויבען פאהרען צו א רבי'ן און חתונה געהאט.

מיט דער צייט האט ס'ווייב איהם געבוירען א טאכטער און איז אין דער קינדבעט משוגע געווארען.

שרה'קע איז געבוירען געווארען א בלאסע, מיט שווארצע אוי־געלער, מיט שווארצע הערעלער אויף'ן קעפיל.

איינמאל אין א זוניגען נאכמיטאג האבען פויערים וואס האַ־ג'ען געארבייט ביי דער ווייכסעל, ארויסגעשלעפט א טויטער מיט א קינד. די מוטער איז געווען א דערטרונקענע און שרה'קען האט מען קוים דערמינטערט.

נאך דעם אומגליק איז מרדכי איז גאנצען פערשווינען געווא־רען, בעשלאסען מעהר נים חתונה צו האבען און זיך גענומען אויס־האדעווען דאס מיידעלע.

— 2 —

שרהה׳קע בעקענט זיך מיט ברוך׳ן.

שרה׳קע האט זיך אנגעטון א שובקע אויף פוטער, א וואלענעם שאל איפ׳ן קאפ און ווי א דארף־מיידעל איז זי ארויס מיט דער אלטער דיענסט, ברײנע, אויף׳ן גאנעק, וואס געפינט זיך פאר זייער הויז.

דער פאטער איז שוין געזעסען אין א טיעפען שליטען, גע־שפאנט אין צוויי צוגאווע פערד. די פיס זיינען געווען באדעקט מיט פוטערנעם „קאץ" און ער האט געווארט אויף שרה׳קען.

דער ווייס־זילבערנער שנעע האט מיט אמאל אפגעגאסען שרה׳קען מיט אזוי פיעל ליכט, אז זי האט געמוזט פערמאכען אויף א ווײלע די אויגען. שרה׳קע האט דערפיהלט ווי דער פראסט קנייפט די באק, פיערעלט אונטער די פיס — איז זי לעבעדיגער געווארען. זי האט גיך געכאפט צוויי הענטלעך מיט שנעע, עס גוט אייננעקוועטשט, זיך ארומגעקוקט און דערזעהענדיג ווי דער לעשניק געהט ארויס פון שטאהל אין דעם וואטענעם „סוקמאן", מיט א בײטש אין דער האנד — האט זי א געשריי געטון:

— וואצעק, כאפ!

דער לעשניק האט אויפגעהויבען דעם קאפ און די קויל שנעע האט זיך צולענט אויף זיין פנים.

וואצעק האט זיך צולאכט, גיך געכאפט שרה׳קען, געוואלט אויסציהען אויף׳ן שנעע און זי גלייך אוועקגעזעצט אויף׳ן שלי־טען.

די אַלטע ברייגע האָט זי גוט אָרומגערעקט, זיך צוקושט, אָנגעזאָגט מרדכי'ן, ער זאָל אַכטונג טון אויף'ן קינד — און די פּערד האָבען לייכט געריהרט פון אָרט.

אַ לענגערע צייט זיינען זיי געפאָהרען און געשוויגען. מרדכי איז געווען פערטיעפט אין זיינע געשעפטען און שרה'קע האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסען פון דעם פערשנעטען וואַלד, וואָס האָט זיך געטונקט און געשפּיגעלט אין זונענשייג.

דער שליטען האָט זיך האַסטיג געטראָגען און שרה'קע איז ווי אַ פערכשופ'טע געזעסען און געקוקט ווי די הונדערטע איינ־ליכט־לער, וואָס האָבען אָראָפּגעהאָנגען פון די הויכע, ווייסע מאַסטען, האָבען געבלענדעט די אויגען, זיך געצונדען אין בלוי־גריג, רויט־פּאַנס, פונקט ווי געשליפענע פּריזמע גלעזלער בוי זילבערנע טענג־לייכטער.

פון וואַלד האָט זיך געטראָגען:

— האָפּ! האָפּ!

האָט מרדכי שוין ניט געקענט איינזיצען אין שליטען, אַראָפּ־געריסען וואַצעק'ען אויסדרעהען און צופאָהרען צום פּלאַץ, וואו זיינע פויערים האָבען אָראָפּגעלאָזט בוימער.

קופּקעס־ווייז זיינען די פויערים געווען צעוואָרפען איבער'ן וואַלד. טהייל האָבען אָראָפּגעלאָזט בוימער, אַנדערע — געזעגט קלעצער און אויפגעשטעלט האָלבע־קלאַפטער; טהייל זיינען געשטאַנען ביי קיהנינגע קאַרפּע,*) וואָס האָט געפלאַקערט מיט אַ געדיכטען רויך, און זיך געוואָרעמט. דער רויטער פלאַם האָט זיך געשפּיגעלט אין דעם זילבערנעם שנעע, אַבגעוואָסען די פויערים מיט אַ קופּערנעם שיין.

מיט אַ ווילדע הנאה האָט שרה'קע אָפּגעוואָרט יעדען קראַך פון אַ געזונטען, פערצווייגטען בוים, וואָס איז געפאַלען, מיט־רייסענדיג יונגעביימלעך, אונטער די פויערשע קולות — וואָ, האָפּ — טיעף אין שנעע אריין.

---

*) אויסגעגראָבענע וואַרצלען פון אַן אויסגעהאַקטען בוים.

שרה׳קען האט זיך געראכט, אז די געזונטע פויערים מיט די פוטערנע היטלען, מיט די קאלירטע גארטלען ארום די שעפסענע פעלצלער, מיט די שארפע, בלאנקענדע העק אין זייערע הענט — דאס איז א באנדע גזלנים. איהר פאטער, דער פיהרער פון דער באנדע, לויפט פון איין קופקע צו דער צווייטער, זיין לאנגע בארד טהיילט זיך אויף צווייען און רעדט, שרייט... די גזלנים ווארפען זיך אויף׳ן וואלד מיט די בלאנקענדע העק און זעגען. אט לויפען אכט יונגע פויערים מיט שארפע העק, מיט זעגען, שטריק און דרעננגער, צו א געזונטען, פערצווייגטען דעמב. די פויערים פאר־ציהען די גארטלען און מיט א קרעכץ נעהמט זיך די זעג איינ־בייסען מיט איהרע צייהן אין איין זייט פון בוים, פון דער צוויי־טער ארבייטען צוויי העק צום טאקט. מען פערווארפט שטריק, מען שפארט אונטער דרעננגער, די פויערים רוקען זיך אפ, די אוי־גען גלאנצען מיט א קאלטען פייער.

שרה׳קע האט געזעהן ווי דער דעמב שטעהט שטייף, מהוט זיך קיין ריה, כאטש ער ווייס, אז באלד איז נאך איהם, נור נאכ־געבען וויל ער ניט. זי האט גרוים חשק געהאט צוצולויפען צו די פויערים און זאגען:

— וואס אנטלויפט איהר, וואס? אכט אויף איינעם! אז איהר גנב׳עט זיך אונטער, בינדט איהם מיט שטריק און יעצט אנטלויפט איהר? שעהמט אייך!

— טרא־טראך!

דער אלטער דעמב האט זיך א ציה געטהון ווי גרוים ער איז געווען, געפאלען מיט א קראך פון א ווייטען דונער.

מרדכי איז ארייננעשפרונגען אין שליטען א פרעהליכער, זיך גוט צוגעדעקט, צוגעטוליעט צו זיך שרה׳קען.

— יעצט פאהרען מיר גלייך אין שטאדט אריין, צו דער מוה־מע ניטעל!

די פערד, ארויסקומענדיג אויפ׳ן שאסע, האבען זיך פונאנ־דערגעטראגען ווילד, אויפהויבענדיג גאנצע וואלקענס שטעכיגע שנעעלער. דער וואלד האט אלץ געקרעכץ — האפ, האפ — איז

שרה׳קען אומעטינ נעווארען. זי האט אנגעשפארט איהר קעפעל אויף׳ן פאטער׳ס ברוסט און זיך פערטראכט.

— שרה׳קע, שלאפסט?

— ניין, טאטעשי! וואס איז?

גאר נישט!

אין דער מיט פון א פערפרוירען וואסער, אויף א בערגעל, איז געשטאנען א זעקס־ווענטיגע געביידע, מיט צוויי ריעזיג־הויכע קיילעכדיגע טהורעמס. די גאנצע געביידע איז געווען בעשאטען מיט שנעע, פון אונטער וועלכען עס האבען ארויסגעשטארט נא־קעטע, פערצווייגטע ביימער.

— טאטעשי, ווער וואוינט דא?

דאס איז דאך פאטאצקיס שלאס, קינד מיינס. זעהסט, ווען כ׳בין נאך א איינגעל געווען, פלעגט דיין זיידעשי, עליו השלום, נים הייסען קוקען אהינצו. דארט — פלעגט ער זאגען — טאנ־צען ארום קליינע דייטשלעך — שדים. ווארט, מיר וועלען באלד דורכפאהרען, וועסטו זעהן ווי גרויס דער שלאס איז, ווי דיק די ווענד זיינען, אז מען קען זיך אויסדרעהען מיט א פאאר פערד אויף א וואנד.

שרה׳קע האט זיך נים איינגעהערט, פערמאכט די אויגען, צוריק אנגעשפארט דאס קעפעל אן פאטער׳ס ברוסט און זיך איינ־געמוליעט.

מיט יאהרען צוריק האט געלעבט א הראביאנקע — יאדוויגא. שעהן איז יאדוויגע געווען — גע׳שם׳ט איבער קרוין פוילען און ליטא. בלינדע בעטלער מיט פערוואקסענע ווי חכמים קעפ, מיט קאלטענעוואטע לאנגע בערד, מיט באנדורעס אונטער די ארעמס, האבען זיך געשלעפט איבער פוילישע וועלדער און פעלדער, איבער פריצישע הויפען, בעזונגען יאדוויגע׳ס שעהנקייט — איז דאס געגוויין.

יונג איז יאדוויגע געווען — קוים אכצעהן פריהלינגס גע־צעהלט — האט דאס יונגווארג מיט אונגעדולד געווארט אויף׳ן „סיים״, געוואלט אנקוקען די שעהנע יאדוויגע.

און וואנדע, די קייסערין פון דער ווייכסעל, האט זעהר גע־וואלט נעהמען יאדוויגע'ן פאר איהר זוהן, דעם לאנג־פיסיגען טאַ־רעאוש — האט זי איהם אויסנעבויט א פאלאץ, איהם געשענקט איהר הערב, דעם עלטסטען פוילישען הערב — א ווייסען אדלער מיט צוויי סנאפעס זאנגען און געשיקט טאדעאוש'ן נאך ווארשע אוים'ן „סיים".

שעהן איז יאדווינע געווען — דאס קלענסטע גאלדענע שיכעל געטראגען — האט דאס יונגווארג געהאלטען אין איין שרייען „ווי־וואט", געטרונקען פאר יאדווינע'ס געזונד.

און דער לאנג־פוסיגער טאדעאוש, און דער הראביע פאטאצ־קי — די גרעסטע פוילישע יחסנים — האבען געבעטען יאדווינע'ס האנד ביי איהרע עלטערען.

נישט געפעלען איז יאדווינע'ן דער לאנג־פוסיגער טאדעאוש, געפעלען איז יאדוויגען פאטאצקי מיט די קרינערישע וואנסען, איז זי געפאלען אויף א קאפריז — ווער עס וועט איהר אויפבויען א שעהנערען פאלאץ, צו דעם וועט זי געהערען.

וואנדע, די קייסערין פון דער ווייכסעל, האט אויסגעבוים א קרישטאלענעם פאלאץ — איז טאקע דעם לאנג־פוסיגען'ס שלאס שעהנער געווען.

און יאדווינען איז ווי אויף צו להכעיס, געפעלען געווארען פא־טאצקיס שלאס, געבוים פון אכט עקינע שטיינער און פון ווייסעלם פון אייער, האט זי מיט איהם חתונה געהאט און געבוירען צום יאהר א זוהן.

און געשטורעמט האט וואנדע, צוויי מאל אויסגעגאסען די ווייכסעל, פערפלייצט דערפער, אומגעבראכט נפשות, געשווארען נקמה צו נעהמען פון יאדווינע'ן פאר איהר בעליידיגטען זוהן, דעם לאנג־פוסיגען טאדעאוש.

אויסגעוואקסען איז יאדווינע'ס זוהן — האט זי איהם אוועק־געשיקט נאך ווילנא לערנען.

און וואנדע האט נים גערוהט, ארויסגעשיקט נאך ווילנא אן אפגעברענט בראנזען מיידעל, א אידישע טאכטער, וואס האט זיך

מיט יאהרען צוריק בעהאלטען ביי וואנדע'ן אין פּאלאץ, ניט גע־וואלט ווערען גראף פּאטאצקי'ס קעבס־ווייב.

שעהן זיינען אידישע טעכטער — איז דאס בראנזענע מיידעל, שולמית האט זי :עהייסען, א שעהנע געוועז.

געפעלען זיינען דעם יונגען גראף אידישע טעכטער און מעהר פון אלעמען — די שווארץ־חן'עוודיגע שולמית.

פערליעבט איז דער יונגער גראף געוועזן, זיך געשארט ארום שולמית'עס בלויען טהורעם ביי טאג און ביי נאכט, און ס'האבען אי בלומען, אי מיידלעך געלאכט ....

מנייר געוועזן האט זיך דער יונגער גראף — שולמית האט גע־וואלט זיכער זיין אין גאנצען — האט דער „סיים" איהם איבער־געגעבען צום ווילנער קלויסטער און מען האט איהם פערברענט.

ניט גערוהט האט וואנדע, נקמה גענומען פאר איהר בעליידיג־טען זוהן, דעם לאנג־פוסיגען טארעאוש. זי האט זיך פערקליבען אין שלאס ארייז מיט איהרע בלויע וואסער־מיידלעך — איז יאר־וויגע מיט'ן גראף פון עגמת נפש געשטארבען און דער שלאס איז געווארען וויסט.

און נאכט אייז, נאכט אויס טראגט זיך דער יונגער גר איבער פּילישע פעלדער, רייט אויף א שווארץ צוגאווע פערד, א קרוין אויף'ן קאפּ, זינגט „שיר השירים" און זוכט זיין כלה, זיין שולמית.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שרה'קע האט זיך א טרייסעל געטון, ווי זי וואלט אויפגעקו־מען פון א פער'כשופטען חלום, צועפענט דאס מויל און געזעהן ווי א איד מיט א פאר קאסע אויגען שטעלט אפּ די פערד. דער פאטער האט ארויסגענומען צוויי קופערנע מטבעות און בעצאהלט שלאבוים־געלד.

שרה'קע האט ניט צייט געהאט א טראכט צו טון, ווי דער שליטען האט זיך אפּגעשטעלט פאר א בשמים־געוועלב.

די מוהמע גיטעל איז ארויס אין א וואטענעם קאפּטען:

— א וואס פאר געסט! וואס מאכסט: מרדכי? און דו שרה'קעלע קרוין? קום אהער!

גיטעל האט שרה'קען אראפגענומען פון שליטען, און זי גע־נומען קושען, האלזען.

מרדכי איז באלד אוועק אין שטאדט אריין וועגן געשעפט. גיטעל האט שרה'קען דערווייל אויסגעטון, בעטראכט יעדע זאך, געזאגט מבינות, אויסגעשלאגען אן איי, אריינגעבראכט פרישע זעמעל און געמאכט עפעס צו עסען.

ביים טיש איז געזעסען א דאר בחור'ל פון א יאהר פיערצעהן מיט אן אויסגעווייקט פנים — האט דערזעהן שרה'קען און זיך פערגאפט.

— ווייסט ווער דאס איז? — האט זיך גיטעל געווענדעט צו ברוך'ן — דאס איז דעם פעטער מרדכי'ס מיידעל, שרה'קע!

ברוך האט נים געענטפערט, עטוואס צומישט געווארען און גענומען דרעהען א קנעפיל פון זיין אלפאגען כאלאטעל. דערווייל איז אריין א קונה און גיטעל איז אריינגעגאנגען אין געוועלב.

— א מאדנער — האט שרה'קע געטראכט — רעדט גאר נים! און איך האב געמיינט אז ברוך איז אזא פרעהליכער, א שטאדטיש אינגעל! און אפשר שטעהט איהם נים אן צו ריידען מיט מיר?

— ברוך — האט שרה'קע אנגעהויבען — דו ווייסט, כ'האב אזוי דיך געוואלט זעהן. דער טאטעשי פלעגט מיר תמיד דער־צעהלען, אז דו ביזט דער בעסטער אין חדר.

שרה'קע האט געגעסען פאמעלעך, דרייסט געקוקט אויף ב־וך'ען און געוואלט ער זאל עפעס ענטפערען.

— כ'געה נים מעהר אין חדר! — האט ברוך געענטפערט און אויפגעהויבען די אויגען.

— פארוואס?

— ווייל קליינע „חברה" געהען אין חדר! און איך בין שוין בעל־מצוה.

— לערנסטו שוין אין גאנצען נים?

— וואס הייסט, כ'לערען נים — האט זיך ברוך צולאכט — כ'לערען איצט אליין אין ביה המדרש מיט אלע בחורים.

— וואס לערנסטו אין בית המדרש?

— און אז כ'וועל דיר זאגען, וועסטו וויסען? ביזט דאך א מיידעל — האט ברוך געענטפערט מיט גדלות.

שרה'קע האט זיך עפּעס דערשראקען, גלייך ווי זי וואלט טאקע ערשט צום ערשטען מאל א טראכט געטאן:

— בין איך טאקע א מיידעל? — און האט אראפּגעלאזט א ליפּ — דארף מען ניט!

באלד האט זי זיך פארגעסען:

— ברוך, פארוואס קומסטו קיין מאל נישט אין וואלד אריין?

— וואס וועל איך דארט טון?

— ווייסט וואס? זומער וועלען מיר צוזאמען גיין אין וואלד־ קלייבען יאגדעס, שוואמען, קריכען אויף די ביימער, ארויסנעהמען פון די נעסטען פויגעל. אז ניט וועלען מיר נעהמען די לאדקע און פאהרען אויף דער ווייכסעל. איך פאהר אזוי גוט! כ'שווים אויך. דו ווייסט? און דו שווימסט?

— יא — האט ברוך געענטפערט און ניט דרייסט געקוקט אויף שרה'קע.

ער האט זיך מיט אמאל דערפיהלט אזוי נאהענט צו איהר, נע־ וואלט דערצעהלען ווי ער שפּרינגט אראפּ פון ביידעל, מאכט א נר־ רעק איבער פינף מינוט, געהט א „בואי ־ בשלום". וואסער טרינ־ קענט קלאפּטער אהן א בלעזעל — האט ער זיך באגעגענט מיט איהר בליק, איז רויט געווארען און שטיל געבליבען.

— דו ווייסט, ברוך, איך רייט אויף א פערד אויך! אז דער־ טאטעשי זעהט, לאזט ער נישט, נור ווען ער איז אין וואלד, זעץ איך זיך אויף אהן א זאטעל און רייט. ס'איז אזוי גוט! קום ארויס אין וואלד אריין, וועלען מיר צוזאמען רייטען, גוט?

גיטעל איז אריינגעקומען.

— עה, שרה'קע, האסט דאך גאר ניט געגעסען! אליין שטעהט דאך! עס, קינד!

— מוהמע, פאר וואס שיקט די מוהמע ברוך'ן קיינמאל נישט אין וואלד אריין?

— ווי קען איך איהם שיקען, שרה'קעלע, אז ער דארף לער־נען? מיין ברוך איז שוין קיין עין הרע א בחור, קוק! — האט גיטעל געוויזען מיט דער האנד אויף איהר זוהנדעל.

א ב—חור האט שרה'קע נאכגעשעפט — כ'בין איננער פאר ברוך'ן און פונדעסטוועגען וועל איך זיך מיט איהם פרו־בירען.

ברוך האט געקוקט אויף דער מוטער און געשמייכעלט.

— קום אהער, ברוך, לאמיר זיך פרובירען! וואס גיסטו אז כ'וועל דיר לערנען?

שרה'קע איז גיך צוגעגאנגען צו ברוך'ן, איהם ארומגעכאפט, א גוטען טרייסעל געטון און איהם אויסגעצויגען אויף דער פאד־לאגע.

— לאז מיך אפ, ס'איז ניט שעהן, ס'פאסט פאר א שיקסע — האט זיך ברוך צושריען א רויטער פון שאנדע און איז אויפגע־שפרונגען..

— 3 —

**ברוך קומט צו גאסט אין וואלד אריין.**

ל"ג בעומר נאך מיטאג, האט זיך די בויד, וואס געהט מיט פאספאזשירען נאך פלאצק, אפגעשטעלט אונטער ליפאווצער וואלד.
לייב בעל עגלה, א שווערער איד, מיט שווערע טריט, ווי א אקס איז אראפ פון דער קעלנע, א טרייסעל געטון ברוד'ן:
— נו בחור'ל, שפרינג ארונטער!
ברוך איז אראפ א האלב דערשראקענער פון וואגען, לייב האט איהם אראפגעפיהרט פון שאססע אויף א זאמדיגען וועג, איהם געוויזען אויף א גרויס געל-געפארבט הויז:
— זעהסט דארט א הויז, א געלס?
— יא.
— דארט וואהנט דער פעטער מרדכי! געה גלייך, האב קיין מורא! — האט לייב געזאגט און זיך אומגעקעהרט.
ברוך איז געבליבען שטעהן אין זיין שווארץ אלפאגען כאלא־טעל, זיך ארומגעקוקט און גיט מיט זיכערע טריט גענומען געהן צום הויז.
אויף דער לאנקע איז געלעגען א שייגעץ אויסגעצויגען ווי א העכט, געמאכט מיט די העגד און געדוקט זיין קערפער, ווי איי־נער וואס לערנט זיך שווימען. נעבען איהם איז געזעסען א קאל־טענעוואטער דארפישער הונד מיט א דרעננגעל צווישען די פיס, פויל אפגעטריעבען מיט א לאפע די פליעגען פון אונטער'ן אוי־ער און געשמאק געגענעצט. ניט ווייט אונטער א בוים, זיינען גע־שטאנען צוויי קיה, געפרייכט און מעלה־גרה געווען.

ברוך האט געפיהלט ווי די פיס וואקלען זיך איהם און ער האט גענומען נעהן פאמעליכער.

דער שיינעץ איז אויפגעשפרונגען, בעטראכט ברוך'ן און זיך צולאכט:

— וואוהין?

— צום שרייבער.

—גלייך! — האט דער שיינעץ א בורטשע געטון, זיך גע־לעגט אין דער זעלבער פאזע און ווייטער געשוואומען.

ברוך האט דערפיהלט עטוואס לייכטער, גענומען שפרייזען גי־כער און אלץ אין איינעם געווארפען בליקען צום שיינעץ, טאמער יאגט ער איהם נאך.

ביי דער ווערענדע האט זיך ברוך אפגעשטעלט, ארויסגענומען זיין נאז־טיכעל, אפגעשטויבט די שיך מיט די גומעס אין דער זייט, זיך א טאפ געטון ביי'ם שניפסעל, וואס האט געשטעקט אין דעם ווייסען איבערגעלעגטען קאלנער פון העמד, אפגעהוסט און ארויף אויף'ן טרעפעל.

מרדכי איז איהם אנטקעגען געקומען מיט א האלבען „קלאפ־טער" אין דער האנד:

— זעה נור, זעה! שלום עליכם, ברוך! וואס מאכסטו עפעס? און וואס מאכט די מאמע? קום אריין.

ברוך איז אריין פאמעליך, עס האט זיך איהם יעצט ניט גע־וואלט טרעפען שרה'קען. אזא ווילדע שעהמט זיך גאר ניט, און וואס איהר קען נאך אלץ איינפאלען דעם פעטער אין די אויגען?

— ס'קאציל קום, ברוך! אויסגעוואקסען, קיין עין הרע, א בחור! נו, וואס מאכט די מאמע? ביזט דאך אודאי הונגעריג?

— האט די אלטע בריינע געזאגט אלץ מיט א מאל.

— ניין .... — האט ברוך געענפערט און איז רויט געווארען.

— עה, וואס ער רעדט! בריינע, מאכט איהם עפעס צו עסען! — האט מרדכי געשמייכעלט און זיך געווענדעט צו ברוך'ן.

— וואס איז שייך, ברוך, ס'איז דאך היינט עפעס ל"ג בעומר. און קרעפלאך צו עסען איז דאך א מצוה — אם אין קמח אין תורה,

הא, הא! — כ׳שיק דיר באלד אהער שרה׳קען, זי וועט זיך דאס איינמאל פרעהען — און מרדכי איז ארויס פון שטוב.

די אלטע ברײנע האט אריינגעבראכט אויף א ווייסער טאץ א שיסעל מיט קרעפלעך, ברויט, פוטער און קעז.

— וואש זיך און עס!

ברוך האט זיך געוואשען, געמאכט המוציא. די אלטע האט זיך געריבען די פינגער אן וואנד — נאכגעזאגט אמן.

עס האט זיך געהערט א שטארקער שפּרונג אויף דער וועראנדע, באלד האט זיך געעפענט די טהיר.

— דאס געהט שרה׳קע — האט ברײנע א צופריעדענע געזאגט.

שרה׳קע איז אריין א צופלאמטע, די בלאסע באקען פערווימעלט, און מיט א קורצען אטהעם האט זי אנגעהויבען:

— אי ,גוט וואס דו ביזט געקומען, ברוך! ביז איך געלאפען! ס׳הארץ קלאפט מיר!

שרה׳קע האט אנגענומען ברוך׳ס האנד, צוגעלעגט צו איהר ברוסט:

— נא זעה!

ברײנע האט בעמערקט ווי ברוך האט זיך פערלוירען.

— וואס לאזטו איהם ניט עסען, דו ווילדע ציעג!

שרה׳קע האט זיך ניט איינגעהערט וואס ברײנע רעדט.

— ווייסט וואו איך ביז געווען? ביי די ציגיינער. ביי אונז הינטער׳ן וואלד וואהנען ציגיינער. דארט איז דא אן אלטע ציגאנקע, האט זי מיך אזוי ליעב! זי זאגט, אז איך זעה אויס ווי א פּרינצעסין! — האט זיך שרה׳קע צולאכט אויף׳ן קול.

— געדענק זשע, שרה׳קע — האט ברײנע גע׳מוסר׳ט — געה ני צו די ציגיינער! זיי וועלען דיך נאך בע׳כשופ׳ן!

— ציגיינער זיינען מכשפים! — האט ברוך אויסגעבאמבעלט פון דער שיסעל.

— איהר ווייסט — האט שרה׳קע זיי ביידען אנגעקוקט און געלאכט — ציגאנקעס באדען זיך ניט נאקעט, זיי שעהמען זיך פאר

אנז, ווייסע — באדען זיי זיך אין די העמדער, אויף מיין ווארט!

—וו'הייסט זיי שעהמען זיך? — האט ברײנע זיך נעפרעגט.

— ווייל זיי זיינען אויף'ן לייב שווארצער ווי אויף'ן פנים, אזוי שווארץ, גלייך ווי מען וואלט זיי מיט סאזשע איסנעשמירט!

— אלץ ווייס עס! — האט ברײנע געשמייכעלט.

— אודאי ווייס איך! כ'האב זיך היינט געבאדען, איך און מאריאנע, מיט די ציגאנקעס צוזאמען, איז צו מיר צוגעגאנגען די אלטע ציגאנקע, מיר געגלעט די האר און מיר א קוש געטון אין דער פלייצע — האסטו געדארפט זעהן ווי מאריאנע האט גענומען מאכען קולות:

— א הייליגע מאריא, זי האט דיך בע'כשופ'ט. דארט, וואו זי האט דיר א קוש געטון, וועט דיר אויסוואקסען א מכה גרויס ווי אן איי.

— און די ציגאנקע? — האט ברוך א גייגעריגער נעפרעגט.

— די ציגאנקע? זי האט זיך געהאלטען אין איין צלמ'ען:

— נעה שויז, נעה! מענש דו! וואס דו טראכסט אלץ אויס!

— האט די ציגאנקע געוויינט — גאט זאל היטען! ער איז דאך אן עדות, אז כ'האב איהר גאר ניט געטון! כ'האב מיינע אלטע אויגען ניט געקענט אפרייסען פון שרה'קען! ווי שעהן זי איז אין וואסער! ווי א שעהע רויז! האב איך איהר א קוש געטון.

— און מאריאנע האט געשווינען? — האט ברײנע זי גע־פרעגט.

— מאריאנע האט גענומען א טיכעל מיט — — מיט — — כ'שעהם זיך פאר'ן ברוד'ן — האט שרה'קע קאקעטיש געזאגט, גע־שמאנען א ווײלע ווי זי וואלט זיך גע'ישוב'ט, ארומגעכאפט בריי־נען, איהר עפעס אריינגערוימט אין אויער און זיך געבויגען אין דרייען פון געלעכטער.

ברײנע האט געשאקעלט מיט'ן קאפ:

— אז א מיידעל האט קיין עול נישט! כ'וועל שוין דעם טא־טען היינט מאכען א מי שברך! וואו איז דאס געהערט געווארען,

אז א אידישע טאכטער זאל זיך באדען מיט ציגאנקעס! און וואס וועט זיין אז ס'וועט דיר טאקע א מכה אויסוואקסען?

שרה'קע האט ארומגענומען די אלטע ביינע מיט איין האנד ארום האלז און זי גענומען קושען:

— וועסט זאגען דעם מאמען, ביינע? ניטא! זאג נישט!

— טא איז מען נישט אזוי ווילד! פאסט דאס פאר אזא גרוים מיידעל ווי דו? ביזט דאך שוין באלד א כלה מיידעל!?

שרה'קע האט אראפגעלאזט די אויגען און זיך צולאכט.

— נו, אצינד גייה א ביסעל ארוים מיט ברוך'ן — האט ביינע שרה'קען ארומגענומען און איהר גלייך געמאכט די האר — נור זאם זיך נישט לאנג און, דער עיקר, זיי נישט ווילד, הערסט?

ברוך מיט שרה'קען זיינען געגאנגען אויף א שמאלע סטעזשקע וואס פיהרט אין וואלד אריין.

— וואו וואהנען די ציגיינער? — האט זיך ברוך געפרעגט.

— הינטער'ן וואלד אין לייוועטענע ביידלעך.

— און אז ס'רעגענט?

— אז ס'רעגענט? דעקען זיי זיך איבער מיט פלאכטעס. ס'-איז אזוי גוט צו זיצען אין א בויד אז ס'רעגענט! זיי שטעלען אוועק אין דער מיט א גרויסען, אייזערנעם שאף מיט ברענענדע קוילען, פערמאכען די בויד ארום און ארום, צולעגען דעקען מיט קישענס, ציהען זיך אויס אויף די בייכער און זיי שפיעלען, זינגען — — — און דער רעגען קלאפט אין דער פלאכטע, קלאפט!

און דו האסט נישט מורא פאר זיי? דו ווייסט אז זיי מאכען פון אונזערן א מענשען א ציגיינער? זיי כאפען קליינע קינדער, שער-רען אפ די הערעליך, נעהמען פון אלטע ציגיינער צוויי גרויע האר מישען דאס אויס מיט א ביסעל סמאלע, זאגען עפעס דריי מאל, און דאס קינד ווערט א ציגיינעריל. זיי זיינען דאך אמת'ע מכשפים!

— איך האב נישט מורא — האט שרה'קע געענטפערט — זעהסט, מיקאלאי, אונזער מילנער, איז א גרעסערער מכשף, אז ער

וויל רופט ער צונויף אלע פעלד־מייז און איך געה צו איהם יערען טאג אויף'ן וויאטרעק.

— דו האסט עס אליין געזעהן? — האט ברוך זיך געפרעגט.

— אוראי האב איך געזעהן! ער האט נאך אפגעטון א גרעד סערען כשוף אויך!

— ס'ארע כשוף?

— מיקאלאי האט זיך אמאל פערליעבט אין א שיקסע. די שיקסע האט איהם נישט געוואלט, האט מיקאלאי געכאפט א ווייסע קאץ מיט א שווארצען עק, זי דער'הרג'עט, ארייגעלעגט אין אן ערדענעם טאפ און איהם גוט ארומגעקלעפט מיט ליים. ער האט צולייגט א פייער אין מיטען פעלד און געלאזט די קאץ קאכען דריי טעג און דריי נעכט. און דורך דער גאנצער צייט איז מיקאלאי געשטאנען אין פעלד און געזאגט א שפרוך. ביי דער נאכט אויף'ן פיערטען טאג איז מיקאלאי אוועק צו דער שיקסע איינגעשמירט מיט'ן געקעכץ דאס טויער מיט די לארען וואו זי האט געוואהנט און נאך אין דער זעלבער נאכט איז די שיקסע צו איהם געקומען אויף'ן וויאטרעק.

ברוך איז געווען אזוי פערטיעפט אין דער מעשה, אז ער האט נים באמערקט ווי זיי זיינען ארויף אויף א הויכען בארג.

פון אונטען האבען זיך געצויגען ברייטע, גרינע לאנקעס דורכגעוועבט מיט ווייסע און בלויע בלומען. אין מיטען דער לאנקע איז געשפרונגען א געפענטעט פערד. דערנעבען איז ארומגעלאפען א יונג זשרעבאקעל. דאס זשרעבאקעל האט זיך אפגעשטעלט, שטאלץ פעררייסען דאס קעפעל, אויפגעשטעלט דעם קורצען עק, א קלאפ געטהון מיט די הינטערשטע קאפיטעס, זיך צוהירזשעט אפערגעווארפען מיט אמאל אין דער לופט די פעדערשטע און הינטערשטע פיס און זיך פערנאנדערגעטראגען איבער'ן פעלד אין דער פארם פון א האלבען קרייז.

— ווילסט זעהן ווי איך רייט? — האט שרה'קע זיך געווענדעט צו ברוך'ן און איהם אנגענומען פאר א האנד — קום אראפ!

זיי האבען זיך געהאלטען פאר די הענד און געלאפען באַרג
אַראָפּ.

— אט אזוי זעצט מען זיך אויף א פערד, — האט שרה'קע
וואוילעריש געזאגט — מיט דער לינקער האנד נעהמט מען זיך
אן פאר דער גריווע, די רעכטע לעגט מען דא אוועק און מען טהוט
זיך אט אזוי א הויב, זעהסט?

שרה'קע האט בשעת מעשה א הויב געטון איהר קערפער, דער
לאנגער צאפ איז זיך צופלויגען. זי איז געבליבען זיצען אויף'ן
פערד און איהרע ווייסע צייהן, ווי פרישער, ווייסער קעז, האבען
געלאכט.

— אצינד פרוביר דו — האט שרה'קע געזאגט און איז אַרונ־
טער פון פערד.

ברוך האט זיך געשראקען, זיך נעשעהמט פאר שרה'קען, איז
צוגעגאנגען צום פערד און זיך א הויב געטון — נור עס הויבט
זיך נים!

— ס'מאכט נים ברוך, ס'ערשטע מאל האב איך אויך ניט גע־
קענט, — האט איהם שרה'קע בערוהיגט — ווארט, כ'וועל דיר
העלפען.

זי האט איהם אונטערגעהויבען א פוס און ברוך איז אַרויף
אויף'ן פערד, זיך געהאלטען פעסט מיט ביידע הענד, און נאַריש
געשמייכעלט.

שרה'קע האט פונאנדערגעפענטעט דאס פערד, געמאכט פון
שטריק א צוימעל, זיך אַרויפגעכאפּט הינטער ברוך'ן, איהם אַרומ־
גענומען מיט ביידע הענד און א פייף געטון. דאס פערד האט זיך
גערירט פון אָרט. שרה'קע האט עס א קיצעל געטון מיט'ן שוך
און דאס פערד האט גענומען געהן גיכער.

ברוך האט געפיהלט ווי שרה'קעס קערפער ברענט איהם. ער
האט טיעפער איינגעגראבען זיינע הענד אין דער גריווע און האט
זיך אליץ מעהר געבויגען צום פערד'ס קאָפּ. ער האט מיט
אמאל דערפיהלט, ווי עס נעהמט איהם שווינדלען פאר די אויגען,
אז אט, אט פאלט ער אַרונטער.

שרה׳קע האט זיך צולאכט און גענומען יאגן דאס פערד נאך שטארקער.

ברוך האט דערפיהלט ווי אלעס ארום איהם דרעהט זיך כאדא־ראס, האט ער אפגעלאזט די הענד, פערלוירען דעם גלייכגעוויכט און ארויסגעלאזט א קווימש.

שרה׳קע האט אפגעשטעלט דאס פערד און ארונטערגעשפרונ־גען.

ברוך איז געווען בלייך, די צושראקענע אויגען גרויס, זיך גע־שפארט פון קאפ ארוים.

שרה׳קע האט איהם אנגענומען פאר א האנד:

— ביזט בייז, ברוך?

— ניין... נור ס׳ערשטע מאל... און דו יאגסט אזוי ס׳פערד, כ׳וויים.... דער קאפ האט מיר גענומען דרעהען...

שרה׳קע האט געפענטעט דאס פערד און זיך געלאזט מיט ברוך׳ן אין וואלד אריין.

דער וואלד האט גערוישט און מיער געמאכט. דער טיעפער הימעל האט געבלענדט די אויגען, זיך געפאלדעוועט ווי בלויע דורכזיכטיגע שטיקער זיידענס, בעשפריצט דא און דארט מיט בלייכע זילבערנע שטויבלעך.

ברוך האט דעם גאנצען וועג קיין אויג ניט אראפגענומען פון שרה׳קען, געזעהן ווי איהרע באקען רויטלען זיך, ווי א פאסמע שווארצע האר איז צופאלען איבער׳ן שטערען, און ווי דער דיקער, לאנגער צאפ הויבט זיך, בויגט זיך, און ער האט חשק געקראגען צו נעהמען דעם צאפ אין דער האנד אריין, איהם כאטש אנריהרען. און איהם האט זיך געדוכט, אז שרה׳קע איז א בת מלכה, ער א בן־מלך און זיי שפאצירען אין א גרויסען געדיכטען וואלד, פון וועלכען זיי וועלען קיינמאל ניט ארויס. דא וועט ער זיצען און לערנען תורה, לערנען מיט התמדה און אז די צייט וועט קומען, וועט ער וועט נתגלה ווערען, וועט ער רופען שרה׳קען און איהר אפמאהלען די שעהנסטע קרישטאלענע פאלאצען פון מלכים ושרים און דער פאלאץ, וואס וועט איהם געפעלען, וועט ער פונקט

ווי ר׳ אדם בעל שם גוזר זיין אז דער פאלאץ מיט די קנעכט און דינער זאל אריבער אין וואלד אריין. ער וועט פערטרייבען אלע שדים און וואלד גזלנים. ער וועט ...

שרה׳קע, ס׳זיינען עפעס דא א סך גזלנים אין וואלד?

— אודאי איז דא!

— און איהר האט ניט מורא דא צו וואהנען?

— ניין, אונז טשעפען זיי ניט! זיי האבען מורא פאר אונזער לעשנים, ער איז א גבור!

— כ׳בין זיכער אבער, אז צו אונזער זאנוויל קומט ער ניט!

— ווער איז זאנוויל?

— זאנוויל איז א פערד־גנב, און שטארק איז ער ווי שמשון הגבור. מענסט הערען: פאר־א־יאהרען האט א הינקעדיגער פויער געבראכט א יונג עקסעל אין שטאדט אריין צו פערקויפען. די קצבים האבען מיט איהם ניט געקענט מושוה ווערען, איז ער גע־ווארען בייז, דער פויער מיין איך, און געשריען: „זשידעס״. איהר ווילט אנקריגען די בהמה בחנם, כ׳וועל זי אייך מכות פערקויפען!״ לאז אפילו דער „ראבין״ אליין קומען און זיך אויס־ציהען, וועט ער עס בילינער ניט קויפען״ איז זאנוויל שטארק אין כעס געווארען. שלאגען דעם פויער האט ער ניט געוואלט — א קאליקע. איז ער צו צום עקסעל און עס דערלאנגט עטליכע מאל מיט זיין פויסט אין קאפ. אז דאס עקסעל האט זיך באלד אויס־געצויגען מיט די קאפיטעס ארויף.

שרה׳קע האט געשוויגען און געגאנגען פאמעליך איבער׳ן וואלד.

ברוך. ס׳איז אמת, אז מען שרכן׳ט דיר שוין שדוכים? ברייני האט מיר דערצעהלט, אז דו וועסט ווערען א רב.

ברוך איז רויט געווארען, זי געוואלט עפעס פרעגען, האט זיך געטראפען מיט איהר בליק און איז שטיל געבליעבען..

— עפעס א שעהן מיידעל? א ווארשעווערין?

ברוך האט א קוועטש געטון מיט די פלייצעס.

— און וועסט מאקע ווערן א רב? וועסט גערן א גרויס שטריימעל מיט אזא אטלעסענע קאפאטע ווי דער אלטער רב? און וועסט פסק'נען שאלות אויך?

— וועז איך וועל קריגען היתר־הוראה. — האט ברוך א צו־פריעדענער געשמייכעלט.

— און אז איך וועל דיר ברענגען א שאלה, וועסט תמיד מאַ־כען כשר. אמת?

ברוך האט זיך צולאכט אויף'ן קול און האט פאר גרויס שמחה אנגעכאפט שרה'קען פאר דער האנד.

שרה'קע איז געשטאנען א ווייל, איהם אנגעקוקט. דערנאך האט זי אראפגעכאפט זיין היטעל, זיך אנגעטהון און אפגעשפרונ־גען אויף עטליכע טרים.

— נו, א צינד כאפ מיך! וועסט מיר ניט כאפען, א־בע! האט שרה'קע שטיפעריש געלאכט און צוגעטאנצט.

ברוך האט זי גענומען יאגען. שרה'קע איז געשפרונגען ווי א יונגע סארנע, פון איין בוים אונטער'ן צווייטען. האלטענדיג איהר לאנגען צאפ אין מויל. מיט אמאל האט זי זיך אפגעשטעלט, זיך געלאזט כאפען — האט זי ברוך ארומגעכאפט מיט ביידע הענד, געבליבען שטעהן, ווי א צומעקעטער, ניט געוואוסט וואס צו טהון און זיך פערשעהמט.

שפעט אין אבענד האט שרה'קע אנגענומען ברוך'ן פאר דער האנד און איז מיט איהם אהיים געגאנגען.

א לייכט ווינטעל האט געבלאזען, זיך געטראגען איבער'ן וואלד מיט א רויש און מיטגעבראכט מיט זיך א שארפען נאכ־פינען וואלד־ריח.

באלד האט זיך דערהערט א וואיען, — גלייך ווי א משוגע'נער וואלט זיך פערקליבען איינער אליין אין וואלד, בריים צועפענט די ווילדע אויגען, ארויסגעשצירעט די נעלע צייהן און געשריען אין דער נאכט אריין.

ברוך האט געפיהלט ווי הענד און פיס ווערען ביי איהם אפ־גענומען, און האט זיך פעסטער צוגעדריקט צו שרה'קען.

— וואס איז דאס?

— א סאווע שריים.

דאס געשריי איז געווארען אלץ נעהנטער. פערגליווערט דאס בלום.

פון דער פינסטער האבען ארויסגעגלאנצט א פאר גרויסע, גרינע אויגען. א סאווע איז געזעסען, געקוקט מיט איהר פלאמשיג פנים, ווי א טראגעדיגע קאץ, געעפענט דעם עטוואס קרימליכען פיסק און געוואיעט. איין לאפע האט זי טיעף איינגעגראבען אין א קוסט און מיט דער צווייטער האט זי געשטיקט א קליינעם האז. דער האז האט זיך געווארפען מיט די פיסעלעך, געריסען, דאס קעפעל, געצאפעלט און געווארטשעט.

ברוך איז געווארען א פערציטערטער, געכאפט א שטיק האלץ און געוואלט אפמעסטען דער סאווע.

— מ׳טאר נים, — האט שרה׳קע איהם אנגעכאפט ביי׳ם אר־בעל — ס׳איז א גרויסע חטא צו הרג׳ענען א סאווע. נאכ׳ן טויט קומט זי איז חלום און וואיעט אזוי לאנג ביז מען ווערט משוגע.

ברוך האט זיך דערשראקען, אראפגעלאזט דאס האלץ, פעסטער אנגענומען שרה׳קעס האנד און זיי זיינען געלאפען אין שטוב אריין.

— 4 —

**שרה'קע לייענט „יאסעלען" און דער לעשניק געהט זוכען דאס ווייב אויף'ן וויאטרעק.**

די אלטע דיענסט בריינע איז געזעסען אויף א פוס־בענקעל, געשטריקט א זאק און צוגעוואָרפען בעריאזעווע העלצער אין אויווען אריין. די ווייסע קארע האט זיך געקארטשעט, געקנאקט און דער אויווען האט היימליך געברענט, געפלאצט פון היץ. א פלאם האט זיך ארויסגעשפארט אויף דער שטוב און אפגעגאסען אלץ מיט א קופערנעם שיין.

דורך די פענסטער האבען אריינגעקוקט פערשנעעטע, אויסגעגראבענע קארפעס, ווי ווייסע בערען, און האבען אנגעיאגט א שרעק. — האבען זיך אלע אין שטוב אנגעהויבען טוליען, גערוקט זיך אלץ נעהנטער צום פארנאנדערגעברענטען קאכעל־אויווען.

מרדכי איז געלעגען אויף דער קאנאפע, געפיפקעט א ציבעק, זיך איינגעהערט ווי שרה'קע שוין א מיידעל פון א יאהר צוועלף, מיט גאלדענע פערעמלעך אין די בלאסע באקען לייענט דינענזאנ'ס „יאסעלע" און אין דער זעלבער צייט האט זיך איהם געפלאנטערט א מעשה מיט א שטורם, וואס האט דעכער ארונטערגעריסען, זעק מיט תבואה ארויסגעטראגען, בעפאלען אויפ'ן וועג אן אונגאר מיט א גרויסען קאסטען סחורה אויף די פלייצעם און איהם איבער דער ווייכסעל א לעבעדיגען אריבערגעטראגען.

פון וואלד איז יעדע ווייַלע אנגעקומען א ווינד, מיטגעבראכט גאנצע פלאכטעם שנעע און זיי א שליידער געטון אין די פענסטער

— נישט אנדערש, אימיצער האט זיך אויפגעהאנגען! — האט די אלטע ברײנע אפגעזיפצט.

זי האט אויסגעזוכט אין א טארבע מיט קנעפ שרה'קעס א מילך־צײהנדעל און עס איהר געגעבען:

— נא טאכטערשי, גיב אפ דעם פײער זיינס, וועט אפשר א ביסעל שטילער ווערען!

שרה'קע האט זיך דערפרעהט מימ'ן צײהנדעל, ארונטערגע־כאפט דאס אפענע ביכעל אונטער דעם ארעם און איז צוגעשפרונ־גען צום פײער:

מײזעלע, מײזעלע, פײערדיג מײזעלע, נא דיר א ביינערנעם צאהן און גיב מיר אן אײזערנעם צאהן! — און זי האט ארײנ־געווארפען דאס צײהנדעל אין דעם צופלאמטען אויווען.

דער ווינד האט זיך פערקליבען אונטער א שטיק אפשמע־הענדע בלעד און מיט א פײפעריי גענומען האמערען איבער'ן דאך אז עס האט אויסגעזעהן דאס הויז פאלט איין.

שרה'קע האט געקוקט אויף ברײנען און געלאכט:

— אז ס'רײסט נאך שטארקער!

די אלטע האט ארומגעכאפט שרה'קען, איהר אויסגעקושט די אויגען:

— שטיפערקע דו!

פון אונטער'ן פענסטער האט זיך דערהערט א פערשטיקטע, אפגעריסענע קול, ווי אײנער וואלט געגאנגען און זיך געשאלטען. דאס קול איז צו־ווייקט געווארען אין דעם נאסען שנעע, ערגעץ וואו אײנגעזונקען און דער ווינד האט זיך נאך שטארקער צופײפט.

מרדכי האט געקלאפט אין פענסטער:

העי, וואצעק, וואו שלעפסטו זיך ארום, וואו? אין אזא נאכט? דער ווינד האט א ריס געטון די טהיר, זי א שליידער געטון אז דער וואנד, זיך ארײנגעשפארט מיט א וואיען אין צימער — איז ביי דער צוריק פערמאכטער טהיר געבליבען שטעהן דער לעש־ניק איז נאנצען א פערשנעעטער מיט א צוויי רעהרינגען ביקס אויף דער פלײצע.

— גוט אבענד, פאן שרייבער — האט דער לעשניק געזאגט א האלב שכור׳ער און ארויסגענומען פון אונטער׳ן פעלצעל א קליין, ווייס שעפסיל, גרויס ווי א קעציל.

שרה׳קע האט געגלעט דאס ׳שעפסעל, זיך נעבעכטן:

— וואצעק, לאז מיך אביסעל האלטען דאס שעפסעל, כ׳בעט דיך.

וואצעק האט אוועקגעלעגט דאס שעפסעל אויף שרה׳קעס צו־שפרייטע הענטלעך און זיך געווענדעט צו בריינען:

— פאר איין וועגס, באבקא, האט איהר נישט קיין רוים בענ־דיל? מוט א זוך!

— וואס איז דער מעהר, וואצעק? וואס שלעפסטו זיך עפעס ארום אונטער די פענסטער, וואס? ס׳שנעעט, הא? — האט מרדכי זיך געפרעגט, געקוקט אויף׳ן לעשניק׳ס פערלאפענע אוי־גען און געטראכט אז מסתמא איז מאריאנע שוין ווידער אוועק פון דער היים — און וועמען געהסטו דאס שיסען, וועמען?

— זיך אפנעריסען, „פשא־יוכא״ — האט דער לעשניק ווי צו זיך גערעדט — שוין יאהרען אזא „גראמניץ״*) נישט געווען! דער שנעע שיט און שיט, שוין אלע וועגען פערשאטען!

מרדכי האט אונטערגעהויבען דעם קאפ פון דער קאנאפע און נעשמייכעלט:

— טא וואס שלעפסטו זיך ארום אין אזא נאכט? מאריאנע ווארט דאך אויף דיר אונטער דער ווארעמער פערינע!

— זי וועט זיין א נאר, אויב זי וועט איהם ארייגלאזען — האט בריינע זיך אריינגעמישט — ער איז דאך שכור!

— שכור? אודאי בין איך שכור! אוועקגעטראגען מאריא־נעס איינציגע גאנז אבראמקען אין שענק אריין. נא — זאג איך — גיב א האלב פענכער בראנפען — האט ער געגעבען א גאנצען! א גוטער זשיד אבראמעק! היינטיגע נאכט איז איהר סוף, פא־

*) פויערים גלויבען אז אין יום טוב גראמניץ בעפאלען וועלף די דערפער.

ניע! ווי כ׳בין א קאטאליק! ווי „גראמניץ״ איז דער היר־
ליגער „מאטקא־באסקעס״ א יום־טוב!

— וועמעס סוף?

— מאריאנעס! זי איז שוין ווידער אנטלאפען! און דאס אלץ איז זיינע שטיק, דעם „פסו־בראטס״, דעם מילנערס! ער וועט ביי מיר היינט די ערד קיהלען, אז נישט איז מיין נאמען נישט וואצעק! ווערט נור א „זאוויערוכא״ אין דרויסען, צו־שפיעלט זיך אין איהר, אין דער סוקע, דאס הינטישע בלוט און זי לויפט צו איהם אויף׳ן וויאטרעק! זי וועט שוין לויפען! דער פאן מיינט, כ׳ווייס נישט? כ׳ווייס אלץ! היינט איז „גראמ־ניץ״ קומען זיך אלע פערשאלטענע „דוכעס״ צונויף אונטער׳ן וויאטרעק, פארשטעלען זיך פאר וועלף — קאן דער מילנער אפילו דעם קייסער׳ס טאכטער פערנארען צו זיך, דען צוצוקומען צום וויאטרעק איז אונמעגליך, די פערשאלטענע וועלף פערפיהרען!

— און דו, וואצעק, האסט נישט מורא? — האט ברײנע געפרעגט.

— בא, מורא האב איך מורא! נאר וואס קען איך מיר, ארי־מער מענש, העלפען, באבקא? די מכשפה, די אלטע מינאצקע, האט מיך געהייסען מיט נעהמען דאס שעפסעל און גלייך ווי כ׳וועל דערזעהן די וועלף, זאגט זי, זאל איך זיי אווארף טהון דאס שעפסעל, זאגט זי, מוזען די פארשאלטענע „דו־כעס״ זאגט זי פערשווינדען! זאל איך אבער צוקומען, באבקא, צום וויאטרעק — האט דער לעשניק זיך געקלאפט אין האנץ אריין — איז זייער סוף! דערשיסען וועל איך זיי, ווי די הינט, דעם מילנער מיט דער „באבע״! א גוטע נאכט!

— וואצעק — האט ברײנע איהם נאכגעשריען — גאט זאל היי־טען, פערגעס זיך ניט, און דערהרג׳ע נישט די „באבע״!

עס האט מיט אמאל געגומען יאגען פון אלע ווינקלען — דער לעשניק האט איבערגעלאזט אין שטוב א קעלט.

— ברײנע, — האט שרה׳קע געפרעגט, — די וועלף וועלען

מאקע צוריסען דאס שעפסעל? און וואס וויל וואצעק פון מארי־אנען?

— ווייס איך וואס? אז ער איז שכור! האט ברײנע געענט־פערט.

שרה'קע האט זיך צוגערוקט צום אויווען, זיך געוואדעמט, פער־מאכט די אויגען און געזעהן ווי וואצעק שפאנט אײנער אליין אין פעלר. דער ווינד יאגט זיך נאך איהם. פײפט, שמייסט אין פנים אריין פלאכטעס נאסע שנעע, מעסט אפ איבער דער פלייצע, ווי מיט א דראנג, אז וואצעק בויגט זיך אזש צו דער ערד. ארום וואַ־יען וועלף, דארע וועלף, ציגרען אין דער פינסטערער נאכט קאל־טע, גרינע פייערלעך, קנאקען מיט די ווייסע שארפע צייהן. און אויף'ן וויאטרעק זיצט מיקאלאי אזא ווייסער, ווייסער ווי דער ווייסער שנעע און שפיעלט אויף דער פלייט — הויבט מאריאנע קוים אויף די פאלעס פון איהר קלייד און לאזט זיך צוערשט פא־מעלאך, דערנאך אלץ שטארקער און שטארקער טאנצען מיט'ן שנעע.

— וואס האסטו זיך אזוי פערקלערט, שרה'קע? — האט דער פאטער געפרעגט.

שרה'קע האט אפגעזיפצט.

— פאר מיינטוועגען מעגען זיי זיך ביידע די קעפ אראפדרע־הען, אזעלכע שכורים — האט ברײנע זיך אריינגעמישט — לייען בעסער ווייטער, שרה'קע.

שרה'קע האט געלייענט פאמעלעך, איהרע בלייכע באקען האַ־בען זיך פערצוינדען מיט א בלאסע רויטקייט, די אויגען האבען גע־גלאנצט.

ברײנע האט זיך איינגעהערט און געטראכט:

— א שווארצע גבורה זיי האבען דאס! ווי זיי שרייבען דאס אלץ ריכטיג אפ! א!!?

שרה'קע האט געלייענט, ווי דער רבי שלאגט יאסלען, ווי דער משמשיק פאלט תמיד אויף יאסעלעס דארע פלייצע. זי האט דער־

פיהלט ווי עס פערקלעמט איהר אונטער'ן הערצעל און גרויסע דורכזיכטיגע טרעהרען האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען.

ברייגנע האט זיך געווישט די נאז מיט'ן פארטוך:

יא, יא, אן ארים קינד, ס'האט גישט ווער עס זאל זיך פאר איהם אננעהמען, שלאגען אלע, ווער עס וויל!

שרה'קע האט אויפגעהערט לייענען, אויסגעווישט די אויגען:

—טאטעשי, פאר וואס איז דער רבי אזא שלעכטער? וואס האט ער געוואלט פון יאסעלען? פאר וואס האט ער די רייכע קינדער נישט געשלאגען? א, כ'וואלט אזא רבי'ן די אויגען אויסגעדראפעט! — האט שרה'קע א קלאפ געטון מיט'ן פויסטעל אין טיש.

— עה נאריש קינד, ס'איז דאך א מעשה! און דו נעמסט דיך צום הארץ! — האט מרדכי געשמייכעלט.

— און דאס טראכט אליין דער שרייבער אויס פון אייגענעם קאפ? — האט שרה'קע זיך געפרעגט.

— ווי דען, דערפאר איז ער דאך א שרייבער!

— דאס האט שוין איינמאל א קאפ! — האט די אלטע אפגעזיפצט.

שרה'קע האט ווייטער געלייענט.

מרדכי האט עטליכע מאל געוואלט צונעהמען דאס ביכעל:

— תשאה באב ווילסטו מיר מאכען, נאריש קינד? א שרייבער טראכט אויס א מעשה און זי נעהמט זיך צום הארצען! — און בשעת מעשה האט מרדכי געפיהלט ווי טרעהרען ווארגען איהם אין האלז.

— אויף מיין ווארט, ווי ס'איז אמת, נו, נו, — האט די אלטע דיענסט ארויסגעוויינט פון פארטוך.

— טאטעשי — האט שרה'קע זיך געפרעגט — האט מען ברוד'ן, די מוהמע גיטעל'ס, אויך אזוי געשלאגען? דו זאגסט דאך אז די מוהמע גיטעל איז ארעם.

— געה שוין, געה — האט דער פאטער געשמאמעלט און גענומען די שפיץ באָרד אין מויל אריין.

אין דרויסען האט געפייפט דער ווינד, זיך געשפארט אין אלע ווינקלען, ווי שדים וואלטען זיך אפגעריסען, געפאטשט גאנצע הויפענס שנעע אין פענסטער אריין. דאס פייער האט זיך צוברענט שטארקער, געקנאקט און די פלעמלעך האבען זיך ארויסגעשפארט פון אויווען, זיך געריסען אין צימער אריין, געצאפעלט ווי צונגען פון פייערדיגע שלאנגען.

שרה'קע האט געלייענט מיט א ציטערדיגע שטימע:

„— — — יאסעלע איז נעגאנגען עטליכע טריט אליין. באלד האבען זיך די פיסלעך אונטערגעבראכען און ער האט זיך מיט די לעצטע כחות קוים צום פארקאן געשלעפט. דא האט ער זיך אנידערגעזעצט, געמיינט אפרוהען אביסעל, נאר באלד האט ער זיך פארגעסען וואו ער איז. פייערדיגע רעדער האבען זיך געדרעהט אין זיינע אויגעלעך און, דאכט זיך, אזוי פינסטער ארום איהם. פון דעסטוועגען זעהט ער עפעס מענשען, אזעלכע מאדנע, הויכע מענשען, מיט דריי נעזער, מיט פינף נעזער — — — מיט א סך קעפ... ער שרעקט זיך פאר זיי, ער ער ציטערט, זיי ווילען איהם איינשלינגען, נור אט דאכט זיך שטעהט די מאמע זיינע, זי וויינט און גלעט איהם, זי לייגט איהם אין בעט, טוליעט איהם, נישטא מעהר קיין מענשען, די מאמע אויך נישטא...“

דא האט שרה'קע ארויסגעפלאצט מיט א היסטערישען געוויין. מרדכי איז אויפגעשפרונגען, געכאפט שרה'קען אויף זיין שויס, זי געגומען בערוהיגען און טרעהרען האבען געקאפעט אויף זיין לאנגע בארד. ברייגע האט זיך אריינגעשארט אין קיך מיט פערשוואלענע אויגען. שרה'קע האט ארומגעכאפט דעם פאטער מיט דער רעכטער האנד ארום האלז:

טאטעשי, פאר וואס איז דער שרייבער אזא שלעכטער?

— וואס מיינסטו, שרה'קע?

—כ'מיין, טאטעשי, דער שרייבער האט דאך געקענט ענדיגען אנדערש! ווען איך וואלט אויסגעטראכט אזא מעשה, וואלט איך יאסלען געמאכט פאר א גבור, אויף מייןווארט, כ'וואלט זיין טאטען געזונד געמאכט און זיין גוטער מאמע נישט געלאזט שטאר־

בען. גלויבסטו נישט? דערנאָך וואָלט יאַסעלע געגומען נקמה פון אַלע, פון אַלע! צומיינסטען פון דער גראָבער רייכער שיינ־דעל. אַזאַ פּאַסקודסטווע!

מרדכי האָט געשמייכעלט און אויסגעקושט שרה׳קען די אויגען.

— טאַטעשי, זעהסט, יאַסעלעס טוידטע מאַמע איז איהם גע־קומען צו חלום — — און מיין מאַמע קום צו מיר קיין מאָל נישט! פאַר וואָס? זי האָט מיך פיינד? מיין מאַמעשי איז דאָך אַזאַ גוטע געווען, וואָהר? זי איז געווען אַ שעהנע, טאַטעשי? ווי האָט זי אויסגעזעהן?

— פּונקט ווי דו, שרה׳קע.

שרה׳קע האָט צועפּענט איהרע שוואַרצע אויגען און געקוקט דעם פאָטער אין מויל אַריין:

— טאַטעשי, פאַר וואָס זאָגט ברײינע, אַז די מאַמעשי איז גע־ווען אַ בלאָנדע. אַז איך גראָט ניט אין דער מאַמעשי אַריין?

מרדכי האָט אַ טרייסעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ ווי איינער וואָס וואַכט אויף זיצענדיגערהייד פון אַ חלום.

— וואָס? ברײינע זאָגט דיין מאַמע איז געווען אַ בלאָנדע?
יאָ, מיין קינד, אַ בלאָנדע, אַ בלאָנדע — — —

— 5 —

די מראזאווסקי'ן

שרה'קע איז געזעסען איינע אליין ביי'ם טיש. די ביכלעך מיט די שרייב־העפטען זיינען געווען צעווארפען ארום איהר. זי איז געזעסען א צופאטעלטע, דער קאפ אנגעשפארט אן די הענד, די פינגער אויסגעשמירט מיט טינט, מעכאניש איינגע'חזר'ט צום צעהנטען מאל Je Suis Aime' און געטראכט בשעת־מעשה וועגען איהר עלטער באבען, וואס האט גערערט מיט נאפאלעאנען פראנצויזיש. שרה'קע איז געווען שטאלץ מיט איהר עלטער־באבע, ליעב געהאט ארומצוטראגען מיט זיך א גאלדען טאבעק־שקעטעלע מיט נאפאלעאנ'ס בילד, וואס די באבע האט פון איהם גע־קראגען א מתנה און תמיד געחלום'ט אז זי וועט עלטער ווערען, וועט זי זיין אין פאריז, געפיהלט אז זי האט א שיכות מיט דער שטאדט און געווען זיכער אז דאס גאלדענע שקעטעלע וועט פאר איהר אלע וועגען עפענען.

זי האט א קוק געטון אויף'ן זייגער, געוואוסט אז די מראזאוו־סקען קען יעדע מינוט אנקומען און זי קען נאך נישט די לעקציעס, איז זי בייז געווארען אויף זיך, וואס נארישקייטען קריכען איהר אין קאפ אריין, זיך פארשטעלט מיט די הענד די אויגען און אויף דאס נייע אנגעהויבען:

**Je suis aime'. Je suis aime'. Tu es aime'.**

זי האט איבערגעזאגט יעדעסווארט עטליכע מאל, באלד צו־ריק פארגעסען, מעהר נישט געוואוסט וואס די ליפען חזר'ן, גע־קוקט דורך'ן פענסטער צו מראזאווסקען פאהרט נישט אן אהן אין

קאפ האט זיך איהר געפלאנטערט צעשקא קראנענבערג, וועמען די עלטערען האבען אוועקגעשיקט נאך פאריז אין א פענסיע שרה'קע האט רחמנות געהאט אויף צעשקען וואס איהרע עלטערען זיינען נישט פרום, פיהרען זיך ווי די גוים, זיך גענערגערט וואס זי מוז בלייבען אין וואלד און אין דער זעלבער צייט זיך פיינד גע־האט פארוואס זי איז אין הארצען צעשקען מקנא. צעשקעס על־טערער ברודער, זיגמונד, איז גאר א משוגע'נער — ער וויל צוטיי־לען די פויערים דעם גאנצען מאיאנטעק. ער איז שוין געזעסען אויך! ברייגע זאגט ער לעבט נישט שלום מיט'ן קייסער, פער־שאפט אזוי פיעל צרות זיינע עלטערען... זי האט איהם איין מאל ביי נאכט געזעהן ביי זיי אין הויז. דער פאטער איז מיט איהם גע־בליבען אליין. זיי האבען לאנג גערעדט, זיך געקאכט, געשריען. דער פאטער האט איהם עפעס נישט נעהייסען טהון, ער האט גע־טענה'ט אז ער מוז עס טון, זי ווייס ניט וועגען וואס עס האט זיך געהאנדעלט, געדענקט נור ווי זיגמונד א הויכער, א בלאנדער האט געקלאפט אין טיש, געשריען, דער פאטער האט נישט געענטפערט, געזעסען און געקייעט די שווארצע בארד און אז זיגמונד האט גענומען ריידען וועגען איהר געהאנגענעם זיידען אזוי שטיל אז טרערען האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען, האט דער פא־טער נישט אויסגעהאלטען, אויפגעשפרונגען און איהם איבערגעריי־סען:

— נענוג, גענוג, פאניע קראנענבערג! — — —

ער האט איהם אפגעצעהלט א פעקעל מיט געלד. קראנענבערג האט זיך געזעגענט, לאנג געדרוקט דעם פאטער די האנד און ביי'ם ארויסגעהן באמערקט שרה'קען. ער האט איהר אויפגעהויבען און איהר א קוש געטון אין קעפיל.

— זיי געזונד, מיידעלע!

שפעטער אז זי האט געהערט אז מען האט איהם געכאפט, מען געהט איהם שיסען, איז זי א צוטומעלטע אריין צו'ם פאטער:

— איז טאקע אמת אז מען געהט קראנענבערגען — — — ?

דער פאטער האט באלד ניט געענטפערט, זיך דורכגעגאנגען

עטליכע מאהל דעם צימער, דערנאך גענומען שרה'קען אויף דער שוים:

— אזא קליין מיידעל ווי דו דארף נישט אל'ץ וויסען — — — — וועסט עלטער ווערען — — — און אויב עמיצער וועט דיך פרעגען עפּיס וועגען קראנענבערגען, זאג, דו ווייסט נישט.

— איז עס טאקע אמת?

— וואס, מיין טאכטער?

— אז מען גערט איהם שיסען?

— נישט אמת, נישט אמת.

פון דעמאלט אן האט שרה'קע אנגעהויבען צו קוקען מיט חשד אויפ'ן פאטער, ס'איז איהר געווארען קשה, געפיהלט אז ער בע־האלט פון אלעמען עפּיס, אפטער גענומען קוקען דורכ'ן לעכיל פון שלאס אין קאבינעט אריין, וואו ער איז געזעסען אן אפגעשלא־סענער צווישען די שווערע שענק מיט ספרים און געשריבען שעה'ן נאכאנאנד. וואס האט ער געקענט שרייבען? און מיעף ערגיץ אין דער נשמה האט זיך געוועקט ביי שרה'קען נישט קיין קלאה־רער פערלאנג אויסצוגעפינען וואס ער שרייבט. אויב עס איז אמת וואס ברײינע זאגט — האט זיך שרה'קע נישט אויפגעהערט צו פלאנטערען — אז קראנענבערג איז ערגער פון א גוי — גלויבט נישט אין גאט און איהר פאטער איז דאך אזא פרומער, טא ווי קומט עס ער זאל האבען צו טון מיט אזא — — —

זי האט געהערט פון דעם אלטען האל'ץ־העקער אהן דער האנד אז איהר פאטער האט איינגעשטעלט ס'לעבען פאר פּוילען, גע־הערט פון ברײינען אז איהר פאטער איז א בעל־תשובה, געוואוסט אז ער איז בחור־ווייז אנטלאפען פון דער היים — — — פארוואס דערצעהלט ער קיינמאל נישט וואו ער איז געווען? און פארוואס איז ער אנטלאפען? זי איז זיכער אז זי גערענקט, כאטש ברײינע זאגט אז ס'איז אומעגליך, איהר מאמען — ג דארע, א הויכע, געשלייערט אין שאל־טיכער. זי געדענקט ווי די מוטער האט גע־וויינט, געהאלטען שרה'קען נעבען דער ברוסט, געקושט, געשריי־ען אויפ'ן פאטער אז ער איז א גוי, אז ער האט זי נישט ליעב, אז

זי וועט אוועק מיט'ן קינד, דערנאך איז געווארען שטיל. אזוי שטיל, אז שרה'קע האט זיך פון שרעק פונאנדערגעוויינט, געדענקט ווי דער פאטער איז געשטאנען איבער איהר, זי געגלעט, געגעבען דעם גאלדענעם זייגער און פון דעמאלט אן האט זי מעהר די מר מער נים געזעהן.

אן דער בריטשקע וואס האט זיך אפגעשטעלט הינטער'ן פענ־סטער האט שרה'קע געוואוסט אז די מראזאווסקען איז שוין דא. זי האט אויף זיך א כאפ געטון די ביכער מיט די העפטען. זיי איינגעלעגט, נאכאמאל איבערגעקוקט צו זי קען אויף אויסווענינ, גלייך געמאכט די האר און געווארט די לעהרערין זאל אריינקומען.

Powrot Taty

די מראזאווסקען איז געוועזען גאווערנאנטקע ביי די קראנקענ־בערגס, האט מרדכי געפועלט זי זאל דריי מאל א וואך אריבער־קומען אין וואלד אריין און לערנען שרה'קען.

די מראזאווסקען נישט קיין הויכע, א דארע, מיט א לענג־ליך אריסטאקראטישען פנים, וואו די האר, ערטערווייז שוין גראה־לעך, האבען זיך געלעגט פון ביידע זייטען קאפ אין א שרונד, איז אריינגעקומען מיט א זיסען שמייכעל:

— גוטען טאג, סארוניו!

שרה'קע האט געמאכט א רעווערענס, א קוש געטון די לעה־רערין אין דער האנד, האט די לעהרערין זי מוטערליך ארומגע־נומען און איהר א קוש געטון אין קאפ. זי האט א קוק געטון אויף איהר זייגעריל וואס זי האט געטראגען אויף א שווארץ שנירעל, זיך געזעצט ביי'ם טיש:

— ביזט פארטיג, סאריוניו?

— פארטיג.

שרה'קע איז איבערגעגאנגען פון איין געגענשטאנד צום צווייטען, געווען צופריעדען, וואס די מראזאווסקען קוועלט פון איהר אז, אריינגעטעמט אין זיך דעם דינעם ריח פון פערפומען וואס האט זיך געטראגען פון איהר, געקוקט ווי אלץ ארום דער מראזאוו־סקען איז אזוי ציכטיג, אזש טרוקען, ווי מען וואלט זי לאנג גע־

וואשען, נאך לענגער געטרוקענט און פון צופיעל טרוק האבען זיך אזש באוויזען קנייטשלעך ביי איהר אויף'ן פנים.

די מראזאווסקי'ן האט זיך געפיילט די די נעגעל, פון געוואוינ־היים מיטגעזאגט מיט דער שילערין און געהאלטען אין איין אי־בער'חזר'ן:

— גוט, גוט! לערנסט זיך בעסער פון דער קראנענבערושאנ־קע! כ'פארשטעה נור נישט פארוואס מאטעמאטיק גיט זיך דיר אזוי שווער איין? האסט געמאכט די אויפגאבע וואס איך האב דיר געגעבען?

— ניין — האט שרה'קע אראפגעלאזט די אויגען.

— נישט גוט, נישט גוט! האט די מראזאווסקי'ן געשא־קעלט מיט'ן קאפ — דאס איז קיין פלאן נישט, איך זאל דיר יע־דעם מאל מאכען די אויפגאבען, ווען דו וואלסט געהאט שלעכטע פעהינקייטען וואלט געווען עפעס אנדערש. דאס ווייזט נור אז דו לערנסט נישט צו קיין קאפ, ווילסט נישט, ביזט ווערט מען זאל דיך באשטראפען! מאטעמאטיק איז זעהר א וויכטיגער געגע־שטאנד, זעהר א וויכטיגער און פרויען אויף וועלכע די מענער הא־בען געמאכט א פאלשען בלבול, זיי דארפען זיך איצט אויסצייכנען אין מאטעמאטיק! ס'לעצטע מאל וואס כ'מאך פאר דיר די אויפ־גאבע, ס'לעצטע — — — וואו איז דאס ביכעל?

שרה'קע איז געזעסען אז אנגעבלאזענע, א צופלאמטע, גע־פיהלט זיך פונאנדערצעוויינען, געווען זיכער אז ס'איז נישט איהר שולד, גע'פטר'ט איבער צוויי שעה, טא וואס איז זי שולדיג אז דער ענטפער קומט נישט אויס? זי האט זיך געערגערט, נישט געקענט אזוי גיך געפינען ס'זייטעל און א צורודערטע עס אונטער־געטראגען דער מראזאווסקי'ן.

די מראזאווסקי'ן האט געהאלטען א בלייפעדער מיט א העפט, איינגעצויגען דעם שטערען, ווי זי וואלט געוואלט צונויפנעהמען די געדאנקען און זיך א בייזער געטון:

— לייען!

שרה'קע האט גענומען לייענען. די מראזאווסקי'ן האט אין מיטען לייענען צוגענומען ביי איהר ס'בוך, אפגים נישט געכאפט, נאכאמאל איבערגעלייענט און א הויב געטון מיט די אקסלען:

— טא וואס איז דא נישטא וואס צו וויסען? קינדער פון א פאלקס־שולע מאכען שווערע אויפגאבען, פארשטעהסט? אז דורך דעם ערשטען קראן רינט אריין אין קעסיל אזוי פיעל אין א מי־נוט, דורכ'ן צווייטען אזוי פיעל, און דורכ'ן דריטען רינט ארויס אזוי פיעל און דער קעסעל נעמט אין זיך אריין אזוי פיעל און אזוי פיעל, פרעגט זיך? — — — —

און זי האט גיך געשריבען, אנגעווארפען רונדיגע ציפערען, גערעדט אזוי קלאר, האט שרה'קע געזעהן ווי איינפאך ס'איז, גע־פאלען ביי זיך, צוגענעבען אז די מראזאווסקי'ן איז גערעכט, זי האט מים אז אמת א פערשטאפטען קאפ.

— נו קוק אריין — האט די מראזאווסקי'ן אוועקגעלענט די בלייפעדער — וואס איז דער ענטפער? צוואנציג מינוט?

שרה'קע האט אריינגעקוקט, זיך איינגעהאלטען זי זאל נישט ארויסווייזען די צופרידענהייט וואס דער ענטפער שטימט נישט און שטיל געזאגט:

— ניין.

די מראזאווסקי'ן האט נאכאמאל איבערגעקוקט צו זי האט נישט א טעות געמאכט, ווידער איבערגעלייענט די אויפגאבע, זיך פערלוירען פאר שרה'קען, געווארען ווייכער. זי האט א קוק גע־טהון אויף'ן זייגער, זיך געכאפט אז ס'איז שפעט און זיך געווענ־דעט צו שרה'קען:

— ס'טרעפט אמאל ס'גיט זיך נישט איין, כ'וועל עס אין דער היים איבערקוקען, ס'איז אויך מעגליך אז ס'יאל זיין א טעות אין ענטפער. יא, וואס האבען מיר נאך?

— היסטאריע.

די מראזאווסקין האט א נערוועזע געבלעטערט די היסטאריע, חושר געוועזען אז שרה'קען טוט הנאה וואס זי האט אויך נישט גע־קענט מאכען די אויפגאבע און זעהר געוואלט ווייזען דער שילע־

ריז, אז זי דארף זיך נישט איבערנעהמען, זי קען סיי ווי סיי גאר־נישט.

— מיר זיינען דאכט זיך דורכגעגאנגען ביז אין פופצענטען יאהרהונדערט, הא?

— יא.

— קענסטו מיר נישט זאגען, ווי ס'האט זיך געלעבט דעמאלט דער פרוי אין פוילען?

שרה'קע איז געבליבען שטעהן, נישט געוואוסט וואס צו ענט־פערען, נישט געווען צוגעגרייט אויף אזא פראגע, זיך נישט אפ־געשטעלט אויף דעם בשעת אין לערנען און אנגעהויבען שטאמ־לען:

— די פרוי, האט אין פופצענטען יאהרהונדערט, כ'מיין אין פופצענטען יאהרהונדערט האט די פרוי — — — וועגען דעם דאכט זיך איז גארנישט געווען — — —

— געווען, געווען — האט די מראזאווסקי'ן, א צופרידענע וואס זי האט שרה'קען ווידער אוועקגעשטעלט אין א פארלעגענ־הייט, געשמייכעלט — אין דעם קאפיטעל „משפחה" רעדט זיך וועגען דער פרוי.

— א — האט שרה'קע א כאפ געטון די האנד צו'ם קאפ — כ'מיין, מען האט פארווערט חתונה צו מאכען עלף, צוועלף יעהרי־גע מיידלעך און טעכטער האבען זיך אנגעהויבען רעכענען פאר יורשים פונקט ווי זין — — —

— און וואס נאך?

— נאך? — האט שרה'קע זיך נעקנאקט די פינגער.

— כ'מיין, ס'וויכטיגסטע?

— כ'געדענק נישט.

— זעהסט — האט די מראזאווסקי'ן פערמאכט דאס ביכעל, זיך אנגעשפארט אז וועגטיל פון דער שטוהל, די אויגען האבען זיך ביי איהר א צינד געטון, וואס ס'האט זיך געמאכט א געלעגענהייט ארויסצעווייזען וואס זי קען — אין פופצעטען יאהרהונדערט האט־בען פרויען אנגעהויבען אנטייל צו נעהמען אין געזעלשאפטליכען

לעבען. שוין ביי קאזשמיערזש דעם „גרויסען“, זעהט מען אז גרויסע האבען אויף איהם געהאט א גרויסען איינפלוס. יענע דאמען װערען שוין באזונגען — — —

— זיי װערען באזונגען פון קרא — — — —— ,האט שרה'קע איבערגעריסען די מראזאװסקי'ן, זיך געכאפט אז זי האט געמאכט א טעות, אז קראשעװסקי לעבט נאך אפשר, זיך פערויטעלט און איז אנשװיינגען געװארען.

— פון װעמען? — האט די לעהרערין זי איבערגעפרעגט.

— ענטשולדיגט, כ'האב געהאט א טעות.

— אז פאננא סאריונא מוז אימער איבערשלאגען — האט די לעהרערין זיך אנגעצװינגען — איצט װיים איך שוין נישט װאו כ'האלט. װאו איז דער „דזשענניק“?

שרה'קע האט איהר דערלאנגט דעם „דזשענניק“. פון דער זייט געזעהן אז זי שטעלט איהר גוטע צייכענס, האט זי זיך פערגעסען און װידער געפרעגט:

— איז עס אמת אז קאזשמערזש האט געהאט א אידישע פרוי?

— אסתר'קען? — האט די לעהרערין געשמייכעלט.

— טא פארװאס ברענגט ער עס נישט אין דער היסטאריע װאס מיר לערנען?

— אלס לעגענדע דארף עס זיין.

— ס'איז נישטא.

— פון װאו דען װייסטו עס?

— כ'האב עס געלייענט אין „קרול כלאפואװ“.

— קראשעװסקי'ס?

— יא.

— זעהר א גוט ביכעל — האט די לעהרערין זיך אפגעשטעלט.

שרה'קע האט געמאכט א רעװעראנס, געװארט די לעהרערין זאל זיך מיט איהר צוקושען.

האט יענע זי ארומגענומען:—

אויב פוילסט זיך נישט, סאראניו קום וועלען מיר זיך דורכשפאצירען ביז צו דער "אלשינע, דאס פאהרען איז מיר שוין דערעסען!

— מיט פארגעניגען.

זיי זיינען ארויס. די מראזאווסקי'ן האט געהייסען דעם פוהרמאן ווארטען אויף איהר ביי דער "אלשינע". אליין האט זי גענומען שרה'קען אונטער'ן ארעם און זיך מיט איהר געלאזט איבער'ן זאמדיגען וועג וואס איז פערביינעלאפען זייער תויז, דורכגעשניטען א שטיקעל וועלדעל און זיך געצויגען צווישען די לאנקעס.

פאר'ן הויז זיינען געשטאנען קיילעכדיגע ביימען מיט "סאָ-גומלעד", וואו די קאלירטע פינטעלעך האבען ארויסגעבלישטשעט פון די סאמעטענע קעפלעך, ווי ווייכע קינדערשע אויגעלעך.

עס איז געווען שטיל. פון דערווייטענס האט זיך געהערט ווי א וואגען קומט אן מיט א קלאפעריי. א וואגען מיט ליידיגע טינד-לעך פון מילך איז אנגעפאהרען. דער פאכטער, אהן א כאלאט האט עטוואס איינגעהאלטען די פערד, און פערבייפאהרענדיג זיך בעגריסט:

— גוטעןמאָנ. וויעלמאזשנא פאני מראזאווסקא!

— גוט־מארגען אבראמקו. אזוי שפעט פון שטאדט?

— מיר קומט היינט צו ווינשען — האט דער פאכטער, אן אפגעברענטער, מיט געלבליכע צושויבערטע האר, דערמאנט א שטיק זוניג תבואה־פעלד.

— וואס איז אבראמקו?

— מיין טאכטער איז היינט א כלה געווארען.

— ווער, רוחלא?

— יא.

— זי איז דאך נאך א קינד?

— די מויד האט שוין איבער פופצען.

— מזל־טוב, אבראמקו! האט די מראזאווסקי'ן געזאגט אין אידיש און זיך צולאכט.

— מזל־טוב! — האט דער איד א שמייכ געטון די פערד און באלד פערשוואונדען אין א זייטיג וועגעל.

— זעהר גוט וואס אידישע מיידלעך פארזיצען נישט — האט די מראזאווסקי'ן ווי צו זיך געזאגט.

— און איך גלויב אז אויב א מיידעל קען נישט קריגען וועמען זי וויל, דארף זי פארזיצען — איז שרה'קע געווען צופרידען מיט איהרע אייגענע רייד — איז קארנבערג'ס טאכטער פארזעסען!

— מיינסטו יארווינגען?

— יא.

— ביזט נאך יונג, סאראניו — האט מראזאווסקי'ן זי אנגע־נומען מעשה חבר'טארען — נור איין זאך וועל איך דיר זאגען, א מיידעל טאר נישט פארזיצען. דער שענסטער פרוי'ס לעבען אהן א מאן האט פונקט אזא פנים ווי די פעטסטע ערד אהן וואַ־סער. די ערד טרוקענט איין, ווערט פארברענט פון דער אייגע־נער פייכטקייט — — — אט איך אליין — האט די מראזאווסקי'ן זיך פערלוירען, געשווייגען א ווייכלע, ווי זי וואלט זיך גע'ישוב'ט צו זי זאל רעדען פאר שרה'קען — געהאט נישט איין געלעגענהייט, רודאווסקי פון פעפלאַוועקע, דו קענסט ראך איהם, האט מיט זעכצען יאהר צוריק נעבעטען מיין האנד — — — כ'בין דעמאלט געווען שעהנער, יונגער — — — .

— טא פארוואס האט איהר נישט חתונה געהאט? — האט שרה'קע זיך געפיהלט שלעכט וואס די מראזאווסקי'ן קלאגט זיך אפ פאר איהר.

— ס'איז פיעל צו רעדען — האט די מראזאווסקי'ן אפגע־זיפצט — נור א פרוי זאג איך דיר דארף חתונה האבען! נעם מיין סאלעזשאנקע, די פאננע סטאטקעוויטש, זי איז א גוט־באזי־צעריז, איז רייך און איך בין זי נישט מקנא. וואס פאר א לע־בען פיהרט זי אהן א מאן? דרעהט זיך ארום אן אלטע פאננע, קיינער דארף זי נישט, וואו זי קומט, וויל מען זיך אפטשעפען פון איהר. מען מיידט זי אויס און אלץ דערפאר וואס זי האט קיין מאן נישט. א שאד, א שאד, סארוניו, וואס כ'בין פארזעסען,

כ׳האב געהאט אזוי פיעל געלעגענהייטען ! — האט די מראזאווס־קי׳ן אראפגעלאזט דעם קאפ, זיך מיט א מאל געכאפט אז זי האט עס נישט געדארפט רעדען פאר א שילערין און בּיסלעכווייז, שוויינענדיג, זיך צוריק אנגעצויגען.

אז די בריטשקע מיט דער מראזאווסקי׳ן איז פערשוואונדען, איז שרה׳קע נאך לאנג געשטאנען אויף׳ן זעלבען ארט, נאכגעקוקט ווי די פאסען פון די רעדער האבען זיך געשלענגעלט און איינגע־שניטען אין דער פייכטער ערד, געזעהן ווי די מראזאווסקי׳ן האט נאריש אונטערגעשפרונגען אין דער בריטשקע, געגלויבט אז זי מוז זיין זעהר אומגליקליך, אז פון היינט אן וועט זי תמיד מאכען די לעקציעס און געפלאנט ווי ר׳נאך איהר צו העלפען.

— 6 —

**דער וואַלד בליהט — שרה'קע ווערט צייטיג.**

עס איז דורך אַ זומער, אַ ווינטער, דערנאָך נאָך אַ זומער, נאָך אַ ווינטער און דער סאַסנאָווער וואַלד איז ווידער צייטיג גע־וואָרען, געשמעקט מיט שוואָמען, מיט קאַליפאָניע.

טיעף אין וואַלד האָט זיך די זמאָרע *) פונאַנדערגעטריי־סעלט פון איהר לאַנגען ווינטער־שלאָף, געשפּרייזט אין איהר ווייסען העמד, איבער פעלדער, איבער וועלדער, געשפּרייט די לאַנ־גע, פלאַקסענע האָר, ווי סיטשען, איבער הייזער, איבער דערפער — האָבען זיך די בהמות זיך גענומען דרעהען אין די שטאַלען, זיך געריבען אַן די ווענד, געמעקעט — ס'האָט זיי געצויגען אין פעלד אריין.

אַ ווילדע פון צופיעל יוגענד און פרישקייט איז די פופצעהן יעהריגע שרה'קע, מיט אַ צווייגעל בעז אין די שוואַרצע, צופּאַטעל־טע האָר, געגאַנגען פערנאַכט מיט דער וויכסעל און געשליידערט וואָס עס איז נור געקומען אונטער די פיס אין וואַסער אריין. זי האָט זיך יעדע ווייל אָפּגעשטעלט געקוקט מיט האַלב פער־בענקטע, האַלב הונגעריגע אויגען אויף דער ווינד מיהל, וואָס איז געשטאַנען אויף'ן בערגעל. אַ גאָלדענע אין פלאַמען, פערטריבען מיט די פליגעל די בלוטיגע זון הינטער'ן וואַלד — און דער הי־מעל איז פערבלוטיגט געוואָרען.

*) אַ יונגע מכשפה, אַ מיידעל וואָס שטיקט פערד.

פון צופיעל יונגענד און פרישקייט האט שרה׳קע אליין נישט געוואוסט וואס זי וויל. זי האט פערביסען די ליפען, זיך אוועקגעזעצט אין גראז אריין, פערוואָרפען דעם קאפ אויף א הינטער און דערזעהן ווי דער וואלד, די ווינד־מיהל ברעגען אין דער ווייכסעל. און דארט וואו דער וואלד שניידט זיך אין וואסער אריין, געהט א פארעל מיט די פיס ארויף.

שרה׳קע האט זיך צולאכט, זיך מיט אמאל דערשראקען פאר׳ן אייגענעם געלעכטער, זיך אויסגעצויגען, ווי גרויס זי איז געווען, דאס פארעל זאל זי נישט באמערקען און אויף אלע פיער אהינטערגעקראכען הינטער א קוסט.

א ציגיינער מיט נאך נאר א יונגע ציגיינערין זיינען אנגעקומען פון דער צווייטער זייט ווייכסעל. זיי האבען צונויפגענומען עטליכע שטיינער און צולייגט א פייערעל. דער ציגיינער האט ארויסגענומען פון דער ציגיינערינס פלאכטע א ווייס געגזעל, אריינגעשטעקט זיין גראבען פינגער אין צועפענטען שנאבעל ווי א האק, האט דער שנאבעל זיך פארקלעמט און דאס געגזעל איז געבליבען הענגען מיט אויסגעצויגענע לאפקעס און מיט פערגלייזעלטע אויגען. די ציגיינערין האט דאס לעבעדיגע געגזעל באקלעפט מיט ליים די פעדערען זאלען זיך אליין אפצופען און האט עס אריינגעלעגט אין פייער. זי האט פערשארצט דאס קלייד ביז איבער די קניהען, אפגעוואשען פון די הענד און פיס דעם ליים און ארוים צום ציגיינער.

דער ציגיינער האט זיך בעהאלטען הינטער א פערצווייגטען בויב, ווי מען בעהאלט זיך פאר א קליין קינד. ער האט זיך געדרעהט ארום דעם בוים, תמיד אויסגעקומען הינטער איהרע פלייצעס און די ציגיינערין האט איהם געזוכט, נישט געוואוסט וואו ער איז אהערגעקומען. דער ציגיינער איז אפער פון הינטער׳ן בוים צושפרייט די הענד, האט די ציגיינערין מיט א פרעהליכען קוויטש זיך א ווארף געטון איהם אויף׳ן האלז. זיי האבען זיך אויסגעצויגען און זיך גענומען קייקלען איבער׳ן גראז ווי קודלאטע הינד.

שרה׳קע האט זיך שיעור נישט צולאכט אויף׳ן קול, וואס גרוי־

סע שפּיעלען זיך ווי קינדער, דערפיהלט ווי פון די שפּיץ פינגער צו־וואקסט זיך עפּעס איבער איהרע אַלע גליעדער, האט זי איינ־געהאַלטען דעם אַטהעם און זיך פערשעהמט.

זי האַט מיט אמאל אַ צאַפּעל געטון — אַ יונג פייגעלע איז ארויסגעפאַלען פון אַ נעסט און געבליבען ליגען נעבען איהר ווי אַ שטיין. שרה'קע האַט געכאַפּט דאס פייגעלע, עס געמינטערט, אריינגעשטעקט דאס שנעבעלע זיך צווישען די ליפּען, געהויכט, באַנעצט דאס שנעבעלע מיט שפּייעכטץ, איז דאס פייגעלע צו זיך געקומען. זי האַט אריינגעלייגט דאס פייגעלע אין בוזעם און אַ פערגאַפטע געקוקט אויף'ן אָרט וואו דאס פּאַרעל איז געלעגען. דאס קליינע נפש'ל האַט געוואַרעמט היגטער'ן האַרץ, געגלעט מיט די פלינעלער, מיט'ן שנעבעלע און אַן אַנגענעהמער, פרישער ריח פון געבראַטענע גאַנז האַט געדענט, מיער געמאַכט — האט שרה'־קע פון גרויס גליק אַזש פערמאַכט די אויגען.

און איבער דער ווייכסעל האַט זיך געטראַגען וואַנדע, געש־פּרייט די פּאַלעס פון איהר קלייד איבער די שפּיצען פון די בוי־מער — האַבען זיי אויסגעזעהן ווי קופּערנע און בורשטינענע זיי־לען. זי איז מיט אַמאַל געבליבען העננען אַנטקעגען דער פער־געהענדער זון, זיך געווינט אויף דורכזיכטיגע וואָלקענדלעך און אָבגעגאָסען שרה'קען מיט פלימערלעך, מיט בלענדענדע שרומענד־לעך.

און די מאַמע, אַ וואָסערדינע, געשלייערט אין שבת'דיגע, מער־קישע שאַל־טיכער האַט גערופען, איהר געוויזען שנירלעך פּערעל, לאַנגע דימענדענע אויריננ, אַראָפּגענומען פון האַרץ אַ כותל־מערבי, גרויס ווי אַ גאָלדען טעצעל און זיך געשפּיעלט, גערופען צו זיך —

— — —

די פייכטע, פרישע ערד האַט פון צופיעל פרשקייט זיך אַזש געשפּאַלטען,דערפיהלט אין זיך מיליאָנען באַשעפענישען, האַט די ערד מיט טויזענדע ריחות שווער און אָפּגעהאַקט געאָטהעמט, זיך צוברומט און איינגעהילט, איינגעשלעפערט אַלץ אַרום.

שרה'קע האַט דערפיהלט ווי די ערד קיהלט איהר לייב, ווי

די ריחות פער׳שכור׳ן זי, האט זי זיך איינגעגראבען מיט די שפי־צען פון די פיס, פון די הענד אין דער פייכטער ערד, האט די ערד זי דורכגענומען איהרע אלע קעמערלעד, וואס זיינען געשלאפען פופצעהן יאהר, האבען זיך ביסלעכווייז גענומען עפענען, ווי זיי וואלטען אנגעקוואלען פון דער ערד, געווארען פולער, איבערגעגאנ־גען, האט שרה׳קע נאך שטארקער פארקוועטשט די אויגען.

א נישט צופרידענע, וואס שרה׳קע קומט נישט, האט וואנדע געכאפט איין וואלקענדעל נאכ׳ן צווייטען, זיי אנגעווארפען ווי א בארג, פון כעס צוברעכען דעם בארג, איז פון די וואלקענס ארויס דער יונגער פאטאצקי אויף א שווארץ צוגאוועז פערד, זיך געטרא־גען צו שרה׳קען.

א בויגיגער, מיט בלאנדע לאקען איז ער געבליבען שטעהן ביים פערד אין דער העלפט געבויגען:

— שעהנע פאננא, שרעק זיך נישט! דאס בין איך, דיין געליעבטער. איבער פעלדער, איבער וועלדער זוך איך דיך. דעם־בעם זיינען אלט געווארען, פון אלטקייט געפאלען, פעט געמאכט די ערד, ארויסגעשפארט צו די וואלקענס נאך שטארקערע דעמ־בעס און איך זוך דיך אלץ. איצט וועט אונז שוין קיינער נישט שיידען! קום, שעהנע פאננא, זעץ זיך אויף מיין שווארצען פערד, האלט זיך פאר מיין ווייסען פלאשטש, קום! די טישען זיינען געגרייט, די געסט ווארטען אויף אונז און מיין פאלאץ איז וויסט אהן דיר — — —

דער גראף האט זי גענומען אין זיינע ארעמס, זי געטוליעט אין ווייסען פלאשטש און דאס פערד איז געפלויגען, זיך געטראגען ווי א שווארצער אדלער וואלד איין, וואלד אויס.

שרה׳קע האט געפיהלט ווי דעם גראף׳ס בלייכע ליפען גלי־הען, ברענען, האט זי זיך געטוליעט צו איהם אלץ שטארקער, שטארקער, או — ה!

— — — — — — — — — — — — — — — —

עטוואס א מיעדע, א פער׳חלום׳טע האט זיך שרה׳קע אויפגע־שטעלט, אויסגעגלייכט דאס צוקנייטשטע קליידעל און דערפיהלט

אַז זי איז געוואָרען אַנאַנדערע. זאַכען וואָס זי האָט ביז אַהער כמעט נישט באַמערקט, האָבען מיט אַמאָל אויפגעבליצט ביי איהר אין מח און זי האָט זיי גאָר אַנדערש געזעהן. שרה'קע האָט זיך פאַרשעהמט פאַר זיך אַליין און זיך אַרומגעקוקט. איהר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אין דעם האַלב טונקעלען וואַלד, ערגעץ דאָרט הינטער ביימער זיצען דער טאַטע, ברײנע, ברוך, לאָזען קיין אויג נישט אַראָפּ פון איהר — איז זי שטאַרק רויט געוואָרען. פון אַלע זייטען האָט זי דערהערט טריט. דערזעהן, אַזוי פיעל הענד, האָט זי גיך אַרויסגענומען פון בוזים דאָס פייגעלע, עס אַרויפגעשטעלט אויף אַ צווייג און זיך געלאָזט געהן אַהיים.

דער וואַלד האָט גערוישט, דאַכט זיך געדיכטער געוואָרען און דאָ און דאָרט זיינען געשטאַנען בויגיגע יונגען מיט צושפּרייטע הענד און געוואַרט אויף איהר — האָט זיך שרה'קע צום ערשטען מאָל דערשראָקען צו געהן מיט'ן וואַלד און איז געגאַנגען מיט דער ווייכסעל.

דאָס געזאָלצענע ווינטעל וואָס עס האָט זיך געטראָגען פון דער ווייכסעל האָט זי אויסגעניכטערט און שרה'קע האָט זיך דער־פיהלט נאָך פרישער און גליקליכער. זי איז כמעט געלאָפען אַהיים, אַנגעריהרט אויף'ן וועג יעדען בוים, יעדען קוסט, זיך דערמאָנט אַן ברוך'ן, ווי ער איז געזעסען אויף'ן פערד און גע־מאַכט קולות, און זי האָט זיך שטאַרק צולאַכט. עס איז איהר מיט אַמאָל קאַלט געוואָרען. שרה'קע האָט גענומען לויפען נאָך גיכער, נישט געוואָלט טראַכטען, איז, ווי אויף צו'להכעיס, ברוך, אַן אויס־געווייקטער, אַ שרעקעדיגער, איהר אַלץ געקראָכען אין קאָפּ אריין.

אויף'ן הויף האָט זיך שרה'קע אָפּגעשטעלט. דער קאַלטענע־וואַטער הונד מיט'ן דרענגנעל צווישען די פיס איז אַרוים פון דער בודע, זיך איבערגעצויגען מיט אַ הייזעריגען ביל גלאַט אין דער וועלט אריין און זיך גענומען רייבען אַרום שרה'קען. דער הונד האָט עפּעס דערשמעקט, זיך מיט אַמאָל דערפיהלט פרישער, זיך גענומען יאַגען נאָכ'ן אייגענעם עק, האָט אָבער דאָס דרענגנעל איהם אָפּגעשלאָגען די הינטערשטע לאַפּעס, האָט ער זיך אויס־

גיצווינגען געבען דער בורע און זיך פערקוקט. די היהנער זיינען שוין געזעסען אויף די לייטערלעך און נעדרעמעלט. די קוואקע האט גדלות'דיג, ווי א באיאהרענטע בעל הבית'טע גערופען די קינדער שלאפען, געשארט מיט די פיס, מיט'ן שנאבעל, געפונען א קערענדעל — און א מתנה קורטשאקעס האבען זיך געווארפען צו דער מוטער, געזוכט מיט די שנעבעלעך.

א שווארצער קרוק*) מיט א קרומען שווארצען שנאבעל, ווי א האק, האט זיך בעוויזען זעהר הויך, זיך נערערעלט, דורכגעשני־טען פערשיעדענע קרייזען און געקוקט מיט זיין בייז אויג אויף די קורטשאקעס. די הוהן האט גענומען קוואקען, צושפרייט די פליגעל, אויפגעשטעלט די פעדערען, ארונטערגענומען די קינדער.

דער קרוק האט זיך אראפגעלאזט. דער שווארצער קרומער שנאבעל אפען, דאס אויג רויטליך, שפריצט פייער. די הוהן האט זיך געווארפען מיט א קוואקעריי אויף'ן פייגעל, עס האבען זיך בעוויזען פעדערען, דער קרוק האט זיך צוריקגעצויגען און פון דער הוהן האט געטריפט בלוט.

דער קרוק האט זיך ארויפגערעדעלט זעהר הויך, ארויסגעלאזט אויף'ן וועג אויפטרייסלענדע געשרייען, באלד צוריק אראפ, זיך געוואלט ווארפען אויף דער הוהן. דער קרוק האט א האסטיגען דרעה געטון מיט'ן פליגעל, געכאפט מיט'ן שנאבעל א קורטשא־קעל און פערשוואונדען.

די הוהן איז געלאפען איבער'ן הויף ווי א משוגענע און גע־קוואקעט.

---

מיט אמאל, ווי איבער נאכט, איז שרה'קע אויסגעוואקסען פון איהרע קליידער, געווארען שעהנער און צייטיגער פון טאג צו טאג. די שפיציגע הענד און פיס, וואס האבען זיך „עהאלטען אין איין ווארפען אין די אויגען, ווי דער קערפער וואלט פון עפעס אנדערש

*) א פויגעלע פון אדלער מין.

נישט בעשטאנען, זיינען מיט אמאל פערשוואונדען. די צופארע־
טע ערד, די זונן, האבען זי פאר די עטליכע זומער חדשים דורכ־
גענומען, ווי א זאפטיגע פרי ווען זי ווערט צייטיג און די רייפ־
קייט האט ארויסגעקוקט פון איהר לייכט זומער קלייד.

זי איז זעלטען ווען געזעסען אין שטוב, גאנצע טעג איז זי
געווען אין וואלד, זיך פערקליבען טיעף, וואו דער וואלד איז גע־
דיכט און וואו מען זעהט זעלטען ווען. און פונקט ווי א כשוף
מאכער טוט א מאך מיט'ן שטעקעלע און רופט ארויס וועמען ער
וויל, אזוי האט שרה'קע נור געדארפט זיך אוועקלעגען הינטער א
בוים, פערמאכען די אויגען און דער יונגער פאטאצקי מיט די
בלאנדע לאקען איז געשטאנען נעבען איהר און זי האט מיט איהם
גערעדט וואס איהר מיידעלשע הארץ האט געלוסט.

זי האט איהם כמעט תמיד פערטרוישט אויף קראנענבערגען,
וועמען זי האט בעפרייט פון דער תפיסה, זיך פערקליבען מיט
איהם טיעף אין וואלד, געוואלט איהם האבען נור פאר זיך. און
אז זי האט זיך פון צופיעל פרייד פארבענקט, האט זי זיך געלאזט
מיט קראנענבערגען איבער דער וועלט. וואו זיי האבען זיך בא־
וויזען זיינען מענשען געווארען גליקליך, אויפגעהערט זיך צו טיי־
לען אין רייכע, און ארימע, איבערגעלאזט די הייזער אפען און
טאנצענדיג זיינען קינד און קייט זיי אנטקעגען געקומען.

און אז זי האט געעפענט די אויגען און זיך דערמאנט אז
דאס אלץ איז נישט מעהר ווי א חלום, האט איהר עפעס אויך
נישט שטארק באנג געטון, ווי זי וואלט נישט געגלויבט, און האלב
פערזשמורענדיג די אויגען, האט זי ווייטער געצויגען דעם חלום
און שעה'ן לאנג געפלאפעלט מיט'ן בויגינען אינגעל.

---

שרה'קע איז געלעגען הינטער א בוים אין א וויים באטיסטען
קליידעל. זי האט ארויסגערוקט איבער'ן שטערן א צופאטעל־
טע קוטשמע האר, צוויי מאל ארומגענומען די האר מיט איהר
לאנגער בייטש קרעלען, זיי אויסגעפלאכטען ווי א קרויז און גע־
שמייכעלט צום בויגינען אינגעל, געשמייכעלט צו קראנענבערגען:

— און דו האסט מיך טאקע ליעב? שטארק ליעב?

— אודאי האב איך דיך ליעב!

— ס'א'ליגען. ווען דו וואלסט מיך ליעב געהאט וואלסטו נישט נאכגעטראגען צעשקען דעם שלעפ.

— אז דו ווילסט נישט ביזט איינגעשפארט. נישט נור דעם שלעפ וואלט איך דיר נאכגעטראגען, נור אפילו די טריט געקושט — — —

— טא לעג זיך ביי מיינע פיס!

קראנענבערג האט זיך אראפגעלאזט אויף די קניע, געקושט איהרע פיס.

— אט אזוי!

— און וועסט שוין מעהר נישט פערפאלען ווערען, מיך אי־בערלאזען איינע אליין און אוועק צו די פויערים?

— כ'וועל דיך נישט איבערלאזען!

— איך האב פיינד פויערים.

— פארוואס?

— כ'ווייס נישט — — — ווייסט, זיי שלאגען די ווייבער —

— — איז אמת, וואס ברײנע זאגט אז מען האט דיך געשלאגען אין געפענגעניש?

— אמת!

— און דו האסט זיך געלאזט?

— זיי זיינען געווען שטארקער.

— און די פויערים וואס זיינען געזעסען מיט דיר האבען דיך געלאזט שלאגען?

— זיי האבען מיר נישט געקענט העלפען.

— זיי האבען יא געקענט, זעהסט, דו דארפסט מעהר נישט געהן צו זיי, זיך איינשטעלען ס'לעבען, זאגסטו מיר צו אז דו וועסט מעהר נישט געהן?

— ניין.

— האב איך דיך נישט ליעב, געה, כ'בין מיט דיר ברוגז!

— שרה'קע.

— וואס איז ?
— זיי נישט ברוגז.
— זאגסטו מיר צו ?
— יא.
— מא נעם מיך ארום !
— שטארקער !
— שטארקער !
— כ׳האב מורא !
— שרעק זיך נישט, טייערע, כ׳בין מיט דיר !
— זעה נור וואס וואסער־מיידלער !
— וואס טון זיי ?
— זיי נייען מיר א קלייד.
— פון וואס ?
— פון זילבערנע טראפענס וואסער, פון בלוע וואלען, פון גאלדענע פלים פעדערען — — —

א וואסער־מיידעל איז אויסגעוואקסען פאר שרה׳קען:
— טהייערע, קום גיכער ! די טישען זיינען געגרייט, די געסט ווארטען אויף אונז און דער פאלאץ איז וויסט אן דיר, מיין קייסערין, די קייסערין פון דער ווייכסעל !
— כ׳האב מורא !
— שרעק זיך נישט, איך בין מיט דיר !
— כ׳האב מורא כ׳וועל זיך איינגנעצען מיינע קליידער.
— מא טהו זיי אוים.
— ביזט געדעכט.

שרה׳קע האט זיך אויפגעשטעלט, פונאנדערגעהעקעלט דאס באטיסטענע קליידעל, עס געלאזט ליגען ארום איהרע פיס, ווי א ביינעל, און ארויסגעשפרונגען. זי האט גענומען אויפקנעפלען די שיך און זיך געפיעשטשעט:
— כ׳שעהם זיך.
— פאר וועמען ?
— פאר דיר.

— פאר מיר?

— יא.

— סעצעלע!

— טא בעהאלט זיך דארט, הינטער יענעם בוים, אז נישט, וועל איך זיך נישט אויסטון.

— אז דו קוקסט מיט איין אויג! קוק נישט — — —

— אט אזוי, זיי א גוטער!

שרה׳קע איז ווייסע העמדעל ביז איבער די קניה, איז גע־שפרונגען, פון איין פוס אויף׳ן צווייטען. זי איז נישט געוואהנט געווען צו געהן באָרפיס, האט זי יערע ווײלע זיך געכאפט פאר א פוס, צוגעהינקט, געשפרייזט ווי איבער צושטויסענע גלאז.

שרה׳קע איז געבליבען שטעהן אין וואסער איבער די קנעכ־לער, פערזשמורעט די שווארצע אויגען און הנאה געהאט, וואס דאס וואסער קיהלט און די זון ברענט. זי האט עטוואס אונטער־געהויבען דאס העמדעל, ווי זי וואלט מורא געהאט עס איינצו־נעצען, און געקוקט אין דער קלאהרע, דורכזיכטיגע וועיכסעל, וואו יעדעס שטיינדעל האט געלויכטען, יעדעס גרעזעל האט זיך גע־צויגען צו דער זון, זיך געשפיעלט מיט זוניגע פליטערלעך און א גרין ושאכקעלע האט זיך צולעגט ביי׳ם ברעג, פערוואָרפען אין וואסער די לאפקעס, אויפגעהערט שילטען און זיך געווארעמט.

די ווייכסעל האט זיך גערונצעלט, געלאפען בארג אראפ, גע־וויספערט, דער וואלד, שרה׳קעס וואלד, איז געשטאנען ווי אן אל־טער בעוואקסענער זיידע, ווי א ריעז, געהיט דאס אייניקעל, קיין אויג נישט אראפגעלאזט פון איהר — איז שרה׳קען מיט אמאל אזוי גוט, שטארק גוט געווארען. זי האט אונטערגעשטעלט דער צופלאטמער זון דא דעם האלז, דעם קארק, די פלייצעס, דעם גאנ־צען קערפער, אזש געקרעכצט פון פרייד.

שרה׳קע האט אויפגעהויבען א פוס און ווי א יונג, שעהן פער־דעל האט זי פון וואוילטאג געבריקעט, מוטנע געמאכט דאס וואַ־סער, ווארפענדיג שטיינדלעך היו און צוריק. א צורייצטע האט זי א כאפ געטון מיט ביידע הענד די זוים פון איהר ווייס העמד,

זי צושפרייט, געקוקט אויף איהר קלאהר און לויטער לייב, געאטהעמט דעם ריח פון איהר יונגען קערפער, זיך אליין א קוש געטון, זיך איינגעביסען, ווי מען בייסט זיך איין אין א זאפטיגען עפעל, אין איהר איינענער ברוסט און נישט ווילענדיג א פאטש געטון איבער'ן וואסער — זיינען הונדערטער זילבערנע טראפענס ווי א האגעל, ווי פייערדיגע פונקען, דורך מיט א בריה איבער איהר צופלאמטען לייב און שרה'קע האט מיט א פרעהליכען קווימש זיך אונטערגעטונקען.

א פרישע, אן אויסגעניכטערטע איז שרה'קע ארויס פון וואסער, צופלאכטען איהרע שווארצע נאסע האר און זיי געטרוקענט אונטער דער הייסער זון.

טרוקענע צווייגלעך האבען ערגעץ געקנאקט, זיך געבראכען, איז שרה'קע, ווי אן איבערגעשראקענע סארנע, פערשוואונדען אין וואלד. זי האט זיך אויף ניך גענומען אנטהון. דאס קאלטע וואסער, די פייכטע, פארינע ערד, די ווארימע וואלד ריחות, האט האבען געשלאגען אין פנים אריין, ווי פון פריש געבעקס, דאס אלץ האט גערייצט, געמאכט אפעטיט און שרה'קען האט זיך מיט אמאל שטארק פערוואלט עסען. זי איז געגאנגען אהיים. ביי'ם הויף האט שוין שרה'קע דערשמעקט דעם ריח, וואס האט זיך געטראגען דורכ'ן אפענעם פענסטער, פון פרישע, אונגערייסטע קארטאפעל, פון איינגעדעמפט פלייש. זי האט געפיהלט ווי אלץ אין איהר וויל עסען און מיט ציטערדיגע נאז־פליגעל, ווי ביי א יונגע חיה ווען זי דערשמעקט פלייש, איז שרה'קע מיט עטליכע שפרונג געווען אין שטוב.

— ברײנע, כ'שטארב עסען!

— טאקע גוט וואס דו ביזט געקומען, כ'האב נור וואס אפגעזייעט די קארטאפעל.

שרה'קע האט נים געוואוסט וואס פריהער צו עסען. זי האט געכאפט די הייסע קארטאפעל אין מויל אריין, זיך געבריהט, זיי געווארפען פון איין באק אויף דער צווייטער, געכאפט א ביס פלייש, א פאר רייפלעך אוגערקעס, א לעפעל זיסען עסיג.

— וואס יאגסטו זיך, וואס? זעה נור, ווי אימיצער וואלט גע־וואָרפן אויף איהר! שרעק זיך נישט, קיינער וועט דיך נישט צו־כאפען — האט ברײנע זי געשטראפט און זיך אוועקגעזעצט מיט פארלעגנטע הענד אנטקעגען שרה׳קען.

—כ׳בין שוין לאנג אזוי הונגעריג נישט געווען, כ׳האב גע־מיינט כ׳וועל אויפעסען, כ׳וויס — — א — — אן אקס מיט קאַ־פיטעס! — האט זיך שרה׳קע צולאכט — און וואו איז דער טאַ־טע?

— ביזט נאר נאר א ווילדע, שרה׳קע. ס׳איז שוין, אויף מיין וואָרט, צייט אז דו זאלסט זיך אביסעל סטאטקעווען, אויסטון די קינדער שיכלעך, ווי לאנג איז דער שיעור? ביז דאך שוין א כלה מיידעל! דו פרעגסט וואו איז דער טאטע? ער איז געפאהרען אין שטאָרט אריין צו דער מוהמע גיטעל.

— עפעס אין מיטען דערינען?

— וואס רעו, ווארטען ביז אנאנדערער וועט אויסכאפען?

— וואס מיינסטו?

— כ׳מיין, לאז מען זיך נישט נארען, מען האלט ברוד׳ן פאר׳ן בעסטען בחור אין שטאָרט, און ער שטעהט אין די שעהנסטע שידוכים, הלואי אויף אלע אידישע זיהן געזאגט, טענה איך, אז ער איז גוט פאר אנדערע, איז ער דאך פאר אונז אוראי גוט! פארט אן אייגענער, א שוועסטער קינד. דארף מען טון א שידוך פון דער פרעמד, טאפען אין דער פינסטער, וואו מען קען קיינעם נישט, רעו, טאכטערשי, א שידוך איז א בלינדע זאך און א טאכ־טער איז קיין זון. צווישען אונז זאל עס בלייבען, שרה׳קע ביזט קיין עין הרע א שעהן מיידעל, נור אפילו מיט דער שעהנסטער טאכטער איז זיך נישטא מיט וואס איבערצונעמען, וואס זאגט מען — אז מען האט א זוהן האלט מען די פיס אויף די שטאלען און אז מען האט א טאכטער ווערען די פיס געשוואלען.

—אז כ׳וויל נאר נישט קיין חתן! — האט זיך שרה׳קע צו־לאכט.

— ס׳רעדט זיך נור אזוי, שרה׳קע, איך האב אויך ניט געוואלט

און פונדעסטוועגען בין איך אין דיינע יאהרען שוין א מאמע גע־וועזן. וואס האב איך קיין ליגען נישט געוואלט זאגען? יא. דער טאטע וויל אז איהר זאלט נאך דער חתונה וואהנען מיט אונז. ברוך וועט זיצען און לערנען, ספרים קיין עין הרע פעהלען נישט, דערווייל וועט ער זיך ביסלעכווייז באקענען מיט'ן געשעפט און נאך הונדערט און צוואנציג יאהר, די שעה זאל נישט בע'שעה'ן וועט ער איבערנעהמען דעם מסחור. די מוהמע גיטעל ווידער וויל, אז איהר זאלט וואהנען נאך דער חתונה ביי איהר. און דעם אמת געזאגט, קען מען צו איהר גאר נישט האבען, אז עלענד מענש, קראנק, א צובראכענער שארבען, זי שפיגעלט זיך דאך אין ברוך'ן, נו, איז א וואונדער? האב איך דעם טאטען אן עצה געגעבען אז ער זאל מאכען א קניפ מיט א שלייף — לאז די מוהמע גיטעל איינ־לעגען דאס געוועלבעל, זי מאכט סיי־ווי־סיי דארט „איישעם־שיישעם" און זיין מיט אונז צוזאמען, נו, וואס זאגסטו שרה'קע־שי! יעצט ווענדעט זיך בלויז אין דיר?

— לאז מיך צורוה, אז כ'וויל נאך נישט קיין חתן! — האט שרה'קע שטיפעריש געזאגט, זיך אנגעטרונקען מיט קוואל וואסער פון א קרוג און איז ארוים פון שטוב.

א נעשפארעטער האהן מיט א בלוטיגען קאם האט געפיהרט א מחנה היהנער. די היהנער האבען זיך נעהנטער גערוקט צום האהן, געהויבען די פליגעל אז די רוקענס זאל'ן אויסזעהן ברייטער, גערדרעהט מיט די נארישע קעפלער, זיך געפיהלט זיכער און גע־קוואקעט.

דער האהן האט זיך יעדע ווייל א שטעל געטון אין זיין גאנ־צער גרויס, צושפרייט די פליגעל, פעררייסען דעם גרגרת, אויפגע־שטעלט דעם קאם און זיך צוקרעהט. עס האט געהייסען — ער האט בעזיעגט דעם קלענערען האהן, וואס איז נאכגעגאנגען א צו־שלאגענער נאך דער סטאדע און ביי איהם צוגענומען די ווייבער.

שרה'קע, וואס איז די גאנצע צייט געשטאנען און זיך צוגע־קוקט ווי דער גרויסער האהן האט צושלאגען דעם קליינעם, האט זיך אונטערגע'גנב'עט, א כאפ געטהאן דעם האהן, ווען ער איז

זיך פערגאנגען אויף דער העכסטער אקטאווע און איהם אפגע־שטיקט אין דער קארעטע מיט וואסער.

דער האהן איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער, נישט גע־וואוסט וואס דא איז געווארען און נעהאלטען אין איין שלינגען לופט. פון קאפ, פון די פליגעל, פון די פיס האט גערונען וואסער און אליין איז ער מיט אמאל געווארען אזוי קליין, קלענער פון א הון. ער האט געשאקעלט מיט'ן נאסען קעפעל, זיך געווישט די פארצעלאיענע אויגען און אז איינגעקארטשעטער זיך גענומען רו־קען אונטער דער זון.

דער צושלאגענער האהן האט זיך גלייך א שטעל געטון, פער־ווארפען איין פליגעל רעכטס דעם צווייטען פליגעל לינקס, פעררי־בען דאס קעמעל און מיט א פאטשעריי האט ער זיך צוקרעהט צום ערשטן רעכטס, דערנאך לינקס, אזש אונטערגעשפרונגען פאר פרייד — האבען די היהנער ביסלעכווייז איהם ארומגערינגעלט, זיך גענומען פאר איהם חנ'דלען און ער איז מיט זיי אוועק.

שרה'קען איז מיט אמאל עפעס קלאהר געווארען. זי האט זיך אויף א ווײלע פערטראכט, געפיהלט ווי אלץ אין איהר בענקט, צאפלט, וויל א געשריי טון און די פיס ווי פון גומע שפרינגען אונטער. האט זי זיך אוועקגעזעצט אויף דער הילצערנער הוידע, זיך פאמעלעך צוואויגט:

קומט דער ליעבער זומער, זומער,
שפיעלען מיר אין זאמד...

די הוידע האט זיך שטארקער צוואויגט און יעדעס מאל ווען זי האט זיך אויסגעגלייכט מיט דער ערד, האט שרה'קע אונטער־געשטעלט א פוס און זינגענדיג זיך געהויבען אלץ העכער און הע־כער.

דאס וויגען זיך האט איהר באלד דערעסען. האט זי פערבי־סען די ליפען, זיך כלומרשט צואויינט, ווי א צופיעשטשעט קינד, אונטערגענומען הינטער זיך די פיס, זיי באדעקט מיט'ן באטיס־טען קליידעל, פערמאכט די אויגען און געבליבען ליגען ווי אין א וואסערדיג שיפעל.

ארום איז געווען אזוי שטיל אז זי האט געקענט ציילען דעם טיק־טאק פון איהר אייגען הארץ. א ביהז האט זיך געטראגען מיט א הוזשעריי ארום איהר רעכטען אויער, האט שרה'קע עס געוואלט פארשטעלען, זיך נעפוילט אפערצונעהמען די האנד, געבליבען ליגען ווי פריהער און געווען זיכער אז זי וויגט זיך נאך, כאטש די הוירדע האט זיך שוין לאנג געהאט אפגעשטעלט. זי האט מיט א מאל דערפיהלט א האנד אויף זיך און געעפענט די אויגען.

— ווי דאס באקט זיך אויף דער זון, ווי א קאץ! דער קאפ וועט דאך דיר וועה טון! וואס איז, שרה'קע ביזט נישט געזונד?

— וואס פעלט דיר איין — — —

— עס איז עפעס נים גלאטיג, שרה'קע, דו זאלסט זיך אין מיטען העלען טאג אזוי אוועקלעגען? זאג, וואס איז דיר?

— ס'איז אסור גאר נישט, ברײנע — האט זיך שרה'קע פאר־לוירען צושמייכעלט, ארומגעכאפט די אלטע, זי גענומען קושען און געפיהלט ווי עפעס שטעהט איהר אין האלז.

— טא זעץ זיך אין שאטען!

שרה'קע איז אראפ פון דער הוירדע, זיך איבערגעצווינגען און זיך גענומען רייבען די אויגען.

די אלטע ברײנע האט ביים ערשטען קוק זיך אנגעשטויסען וואס מיט'ן מיידעל טהוט זיך. זי האט זי ארומגענומען ווי א מוטער, צוגעפיהרט צו דער באנק, וואס איז געשטאנען הינטערן פענסטער, זיך געזעצט און אנגעשפארט שרה'קעס קאפ אן איהר אקסעל:

— איצט, טאכטערשי, דערצעהל מיר?

— וואס זאל איך דיר דערצעהלען? — האט שרה'קע געע־פענט א פאר אויגען.

— כ'מיין — — — הארפסט זיין גליקליך, ביזט קיין עין־הרע יונג, שעהן, דערצו קריגסטו אזא וואוילען חתן, וואס קרימסטו זיך? מים אן אמת. זאג — האט ברײנע אנגעשטעלט אויף שרה'קען א פאר ווייכע אויגען — האסטו עפעס אויסצוזעצען גע־גען ברוך'ן? ווייסט דאך, אז דו וועסט נישט וועלען, וועט דיך

פיינער נישט נויטען! דען וויסען זאלסטו, מאכטערשי, אז נע־נעהטע זאכען טרעגען זיך! מיר אבער דאכט זיך, אז קיין בע־סערען חתן, ווי ברוך, קען זיך קיין אידישע טאכטער נישט ווינ־שען! לאמיר זיך נישט נארען — וואס, דער יחוס געפעלט דיר נישט? ס'איז דאך דיין שוועסטער קינד! זינדיגסט שרה'קע זינדיגסט — — — א זיידענער בחור, דאס פנים אזוי איידעל, די שכינה רוהט דאך אויף איהם און דער עיקר — האט בריינע שרה'־קען איינגערוימט אין אויער אריין — מען שמועסט אז ער איז דער בעסטער בחור אין בית המדרש... ביזטו נאך יונג, קריכען אלע נארישקייטען אין קאפ אריין, מעגסטו מיר גלויבען, כ'בין אויך אמאל יונג געווען, נאך דער חתונה זעהט מען איצט אז נישט אלץ וואס האט געבלישטשעט, איז גאלד! דער עיקר איז די יאדרע, די שאלעכץ פאלט סיי־ווי־סיי אראפ! זינדיגסט שרה'קע, זינדיגסט... נו, וואס האב איך זיך אוועקגעזעצט, כ'וועל א קוק טון צו די בהמות.

שרה'קע האט די גאנצע צייט פערלוירען געשמייכעלט, זיך נע'חדוש'ט וואס בריינע רעדט מיט איהר, ווי מיט אן ערוואק־סענער, זיך געשעהמט איהר צו קוקען אין די אויגען און אז זי איז געבליבען אליין, האט זי זיך נישט געקענט שענקען, פארוואס זי האט געשוויגען, געדארפט איהר געבען צו פארשטעהן אז פון דעם שדוך וועט גארנישט ווערען, אז זיי זאלען אויפהערען איהר צו פארדרעהען דעם קאפ מיט ברוך'ן.

די שטילקייט ארום האט שרה'קען דענערווירט. זי האט נישט געוואוסט וואס צו טון מיט זיך, זיך דערפיהלט אן איברי־גע, נישט געוואלט קלערען אז ס'גאנצע לעבען וועט זי פטר'ן אין דעם הויז, געהאפט אז עמיצער וועט קומען, מוז קומען און מיט געוואלד זי ארויסרייסען פון דאנען. זי האט פארביסען די ליפען, חשק געהאט אונטערצוצינדען דעם טרוקענעם סטאג מיט היי, וואס איז געשטאנען אין מיטען הויף. — ס'זאל כאטש פלאקערען! א מיערע איז זי געבליבען זיצען אויף דער באנק, געקוקט צום וואלד צו. דער וואלד האט געשפינען

זיינע מעשיות און וואס נעבעלהאפטער זיי זיינען געווען, דער־צעהלט וועגען אונמעגליכע העלדישקייטען וואס מען קען נור ביי־קומען אין חלום, אלץ רוהיגער איז שרה׳קע געווארען.

די טיפע וועלדער, דער גרויער הינקעדיגער וואלד־העקער און אפילו בריינע — אלע האבען געהאט צו דערצעהלען וועגען א בלא־סער רחל מיט שווארצע אויגען וואס האט געצויגען שרה׳קעס פא־טער בחור׳ווייז ווי מיט א מאגנעט.

זי האט זיך אויפגעשטעלט, זיך געערגערט וואס צו איהר קומט קיינער נישט, געליטען וואס דער פאטער וויל איהר אויסקלייבען א חתן און געפיהלט א שנאה צו ברוך׳ן. זי איז א גלייכגילטיגע אריין אין שטוב, נעגאנגען פון איין צימער אין צווייטען און זיך אפגעשטעלט ביי די שווערע שענק מיט ביכער. צו׳ם הונדערטען מאל האט זי איבערגעליינט די נעמען אויף די רוקענס, ארויסגעשלעפט „קרול כלאפואוו“ או אויפגעמישט די שטעל וואו אסתר ווארט איינע אליין ביי נאכט אויפ׳ן קייסער. דאס יונגע הארץ האט ביי שרה׳קען שנעלער אנגעהויבען קלאפען זי האט זיך א כאפ געטון, ווי עס וואלט איהר מיט אמאל עפעס איינגעפאלען, זיך שטיל ארייננגע׳גנבעט צו בריינען אין שלאף־צי־מער און נאך שטילער ארויס מיט בריינעס קרבן׳מנחה סידור.

זי האט זיך בעהאלטען אין דער סטאדאלע אויפ׳ן פרישען היי און גענומען ליינען דעם „מעין־טהור“. ביים קלענסטער שארך האט זי בעהאלטען דעם סידור אין היי, כלומרש ארייננגעקוקט אין „קרול כלאפאוו“, זיך איינגעהערט געפיהלט אז זי זינדיגט, אז א מיידעל דארף דאס נישט ליינען, אז ס׳איז מיאוס, פארשטעהט נישט ווי ר׳נאך מען האט עס ארייננגעשטעלט אין א סידור און אין דער זעלבער צייט האט זי ווייטער געליינט. זי האט געשלונגען איין זייטעל נאך׳ן צווייטען, געפיהלט ווי זי זינקט אין פרישען היי, ווי דער ריח נעהמט זי דורך, הילט איין און די ווייכע הייעלעך קושען די באקען, פער׳גנב׳ענען זיך ארום האלז, ווי שפיצען פון פינגער, בריהען, צו־וואקסען זיך, קליאמרען ארום דעם גאנצען קערפער און דער ריח בלייבט הענגען איבער די אויי־

נען ווי א פארע, צוגיסט זיך איבער אלע גליעדער, פילט אז יעדען נערוו, האט ביי שרה'קען אין מח זיך עפעס אנגעהויבען פלאנטערען, וועבען. זי האט מעהר נישט געוואוסט וואס זי לייענט, מעכאניש געזאגט די ווערטער און אין דער זעלבער צייט אפגעמאכט ביי זיך אז זי וועט קיינמאל נישט ווערען א כלה פאר ברוך'ן.

שרה'קע האט זיך געכאפט אז זי האט דורכגעלייענט א זייטעל און ווייס קיין איין ווארט נישט וואס דארט שטעהט. זי האט נאך אמאל אנגעהויבען פון אנהויב, באלד זיך ווידער פערפלאנטערט, אנגעווארען דעם פאדעם, געזעהן ווי קראנענבערג לאזט זיך צו איהר אראפ אויף א שטריק, טוט איהר אן מאנסבילשע קליידער און זיי פערשווינדען. זיי פאהרען א נאכט מיט א טאג און נאך א נאכט ביז זיי קומען אין א געדיכטען וואלד אריין. קראנענבערג גראבט אויס א קעסטעל פון אונטער אן אלטען דעמב, נעהמט ארויס א בלויען פוינעל, פליקט אויס א פעדער פון'ם פוינעל'ס קאפ און שרה'קע זיצט אויף א שווארץ אנגעוואוטען פערד. צוועלף בוינינגע איננגלעך לויפען איהר נאך, טראגען דעם שלעפ פון איהר וואסער־קלייד און וואסער מיידלעך בעשלייערט אין ווייכע וואלקענדלעך לויפען אויף א פריהער, האלטען לאנגע הערנער און שאלען — רוקען זיך די ביימער איין, דער וואלד הילכט, די ווייכסעל שפאלט זיך און וואנדע קומט שרה'קען אנטקעגען, פיהרט זי אין פאלאץ אריין.

## — 7 —

### שרה'קעס תנאים און ר' מענדעל'ס יאָהרצייט

דער אויווען, וואָס האָט פערנומען איבער אַ האַלבע קיך, האָט געברענט, רויט געמאַכט די בלעך און ברײנע אַ צװיאַכמערטע האָט אַלץ אין איינעם געשטופט העלצער דורך די צונגליהטע פייערקעס, צונעוואָרפען שטיקער קאָרע אונטער'ן דרייפוס, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל און וואו אַ טאָפּ מיט גענזענע גריוועו האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט אַ קוואַקעריי.

ברײנע האָט געמישט דעם קרופּניק, יעדע ווײלע אויפגערוקט די בלעך פון באַק־אויווען, אַרייננעשטעלט אַ ברענענדיג שייטעל האָלץ און געקוקט צו די געבראָטענע גענז. זי האָט געהאַלטען אין איין בעטען גאָט עס זאָל אַלץ געראָטען, יעדע ווײלע געקוקט דורך'ן פענסטער צו מרדכי פאָהרט, געוואָלט ער זאָל ברײנגען וואָס מעהר חסידים. אַ קלײניגקייט עפּיס, שרה'קעס תנאים, ר' מענדעלי'ס יאָהרצייט!

שרה'קע איז געזעסען ביי'ם פענסטער איבער אַ צועפענט בוך, אויפגעצויגען אויף אַ גומע קרעלען און געקוקט אויף די פערשנײטע ביימער, ווי זיי וואָלטען געוועזען בעצויגען מיט צודריוועלטע וואַטע.

— די קרעלען וועלען נישט אַנטלויפען, וועסט זיי מאָרגען אויפציהען — האָט זיך ברײנע געבעטען ביי שרה'קען — זעה בעסער מען זאָל גרייטען צום טיש, ייי וועלען דאָך באַלד אָנקו־מען.

— האסט דאך געזאגט אז מאריאנע וועט גרייטען צו'ם טיש?
— האט שרה'קע זיך געטוליעט אין א טערקיש זיידענעם שאל.
— אז די כלב'טע קומט נישט! מסתמא שוין ווידער זיך צעשלאגען מיט וואצקען. אזא שלום־בית אויף אלע גוים געזאגט! נו וואס זיצטו? ניכער!
— כ'נעה שוין — האט שרה'קע אנגעהויבען צו בלעטערען ס'בוך.
— ס'זאל נישט נמאס ווערען א גאנצען טאג צו לייענען? מאכסט דאך דיר די אויגען קאליע! און גראדע היינט האסטו גע־מענט נעמען א אידיש ביכעל, נישט זיך האלטען אין איין שטא־פען מיט גוי'יש!
— טא פארוואס ברענגט ער נישט, דער מוכר־ספרים א נייע ביכעל, די אלטע קען איך שוין אויף אויסווענדיג — האט שרה'קע זיך פארענטפערט.
— דו מיינסט אז אלץ איז א מעשה־ביכעל, א שטיקעל תהילים וואלט דיר אסור נישט פערשאדט — האט ברײנע זיך ביי איהר גענבעמען.
— הייבט זיך אן!
ברײנע האט אראפגענומען דעם טאפ מיט גריוועז, איחם אוועקגעשטעלט אויף דער פאדלאגע און גענומען אפשעפען שמאלץ אין אן ערדענער שיסעל.
— דאס שמאלץ קוואקעט נאך אלץ? — האט זיך שרה'קע נא־פרעגט.
— ס'קוואקעט אזוי לאנג, ווי אז אלמן בעוויינט א ווייב — האט ברײנע געשמייכעלט און צוריק אוועקגעשטעלט דעם טאפ אויף'ן דרייפוס.
מאריאנע איז אריין אין קיך, געריבען איין האנד אן דער צוויי־טער, זיי געהויכט, זיך געווארעמט אן די צוגליהטע פייערקעס:
— מיין אלטער האט מיך דא אהערגעשיקט. איהר דארפט מיך? אוה, א פראסט היינט!

— נוט קאלט — האט שרה'קע געפרעגט — כ'בין נאך היינט אין דרויסען נישט געווען.

— וואס פרעגסטו, דער פראסט בייסט ווי א משוגענער הונד!

— זיי וועלען דאס האבען א שלימוועגס — האט ברײנע אפ־געזיפצט — וואס האב איך קיין ליגען נישט געוואלט זאגען? יא. הער זיך איין, מאריאנע, וועסט אויפרוימען דעם עס־צימער און צושטעלען די טישען, גוט?

— גוט!

ברײנע האט אנגענאסען א שנאפס, אפגעבראכען א האלבען קוכען און א קלאפ געטון מאריאנען איבער דער פלייצע:

— ס'ערשטע פארזוך מיין געבעקס.

מאריאנע האט גענעסען מיט א פול מויל, אונטערגעשטעלט איין האנד אונטער דער צווייטער, די קרישקעס זאלען האבען וואו אריינצופאלען און נאך יעדען ביס האט זי אפגעטרייסעלט דעם קוכען אין דער האנד אריין און אריינגעשיט זיך די קרישקעס אין מויל.

— אצינד וועט מען זיך געהמען פאר דער ארבייט — האט מאריאנע געזאגט מיט אן הכנעה שמייכעל, זיך באלעקט, אפגע־קלאפט די הענד אן פארטוך און איז אריין אין עס צימער.

שרה'קע האט אראפגענומען פון דער וואנד א שפיגעלע, עס אנגעשפארט אן א טעפיל, זיך גלאט פארקאמט די האר, מיט א שרונד אין דער מיט, פארלעגט די צעפ אין א קאקס און זיך גע־ווענדעט צו ברײנע?

— ווי זעה איך איצט אוים? טרעף, ברײנע?

—פרעג מיך עפעס בעסערס! — האט ברײנע אפגעזיפצט און ווידער אפגעשעפט דאס שמאלץ אין דער ערדענער שיסעל אריין.

— דו ווייסט, שרה'קע, א מציאה געווען די גענז — האט ברײ־נע אנגעהויבען — מיר וועלען קיין עין הרע האבען איבער א טאפ שמאלץ. הלואי קריג איך אויף פסח נישט קיין ערגערע! כ'ווייס, אז היינט איז אלץ וואכעדיג! ווי איז דאס געהערט געווארען, אז

אין א בעל־הבית׳שע שטוב זאל מען נאך נישט האבען קיין שמאלץ אויף פסח? ס׳איז דאך שוין באלד פורים! ביי לייטען, ווייס איך, לאזט מען חנוכה אוים שמאלץ אויף פסח. אז מיין באבע רבקה׳לע, צו לעננערע יאהר אונז, א כשר׳ע נשמה געוועזן, האט אויסגעלאזט חנוכה שמאלץ, איז ביי אונז, קינדער, אן אמת׳ער יום־טוב געוועזן. כ׳געדענק ווי היינט — האט ברייגע א צופריי־דענע גענומען די הענד פאדבאקעם — מיין באבע, א קליינטשיקע איז געשטאנעז אויף א הויכען בענקעל, געמישט דאס שמאלץ און אונז אייניקלעך האט זי דערצעהלט וועגען אן ארימער יודענע, א צדקניות, וואס האט אויסגעלאזט שמאלץ, האט זיך דורכ׳ן קוי־מען בעוויזען א קליין, ווייס הענטעל און וואס די יודענע האט נישט אפגעשעפט דאס מעפעל איז עס באלד צוריק פול געווארען ביז צו׳ם ראנד. און וואס מיינסטו? מיין באבע, א ליכטיגען גן עדן זאל זי דארט האבען, האט אזוי דערצעהלט די מעשה אז מיר קינדער, האבען מיט אמאל דערזעהן א קליין, ווייס הענטעל, ווי פון א יעהריג קינד, איז דארט געווארען א רעש? די באבע האט גענומען טאנצען פאר שמחה, געקלאפט א האנד אן א האנד און מיר האבען מיטגעזונגען:

— הענטעלע, הענטעלע, גיעב אונז שמאלץ מיט א פולער האנד!

— הענטעלע, הענטעלע, גיעב אונז שמאלץ איבער דער ראנד! און וואס מיינסטו? פון פינף פוילישע פונט שמאלץ האבען מיר געהאט א קימא לן פון זיעבען, אכט טעפ, ווי כ׳בין א יודישע טאכטער!

— און פאר וואס בעווייזט זיך שוין היינט נישט מעהר דאס הענטעלע? — האט שרה׳קע א נייגעריגע זיך נעפרעגט.

— ווייל מען איז עס נישט ווערט, קינד מיינס. די וועלט ווערט אלץ ערגער. אט נעם למשל דיך אליין: וויפיעל געזונד קאסט מיר אז דו דאוועגסט אמאל שבת ראש־חדש? און גלויב מיר, אז איך אין דיינע יאהרען האב דריי מאל א טאג געדאַ־וועגט.

— און אז כ'וועל דאוונען דריי מאל א טאג וועט זיך דאס העגטעל בעווייזען? — האט שרה'קע געשמייכעלט.

— אפשר, פרוביר! נור דאס, טאכטערשי, טויג שוין נישט. איידער וואס, ווען, מאכסטו שוין א קאנטראקט מיט'ן רבונו־של־עולם!

עס האט זיך געהערט א סקריפ פון רעדער — א בויד גע־שפאנט אין דריי פערד איז געבליבען שטעהן אין מיט'ן הויף. ברײנע איז צו צום פענסטער, גענומען ווישען די פערפרוירענע שויב.

— ברײנע, זעהסט, די מוהמע גיטעל איז אויך געקומען! און אט איז ברוך, דער טאטע און אזוי פיעל יודען, קוק!

— אויב אזוי, שרה'קע טהו זיך טאקע גיכער איבער! באלא־מוטשע נישט, וואס ווארטסטו? איך וועל אויך איבערוווארפען א האלב קלייד.

— וואס מיינסטו?

— כ'מיין — האט ברײנע געשמייכעלט — כ'וועל זיין א גאנצער נאר און א האלבער נביא — מיר וועלען, אם ירצה השם, היינט ברעכען טעלער.

— וועל איך זיך דוקא נישט אנטהון! — האט שרה'קע כמעט א געשריי געטון.

— שרה'קע, פאלג מיך, מאך נישט קיין לייטישע געלעכטער און זיך איבער. אז וועסט נישט וועלען, וועט דיך קיינער נישט נויטען! געגייעטע זאכען, טאכטערשי, טרענען זיך! איבערינענס איז ער אויך נישט קיין פרעמדער.

מרדכי איז ברייט אריין, דאס פוטער צוקנעפעלט, מעשה בעל־הבית. נאך איהם איבער א מנין חסידים, האלב געפרוירענע מיט בלועה נעזער, די קעפ איינגעקורטשעט צווישען די אקסלען.

— נו, וואס מאכסטו, ברײנעשי? — האט זיך גיטעל אריינגע־קייקעלט ווי א פעסיל און זיך ארומגעכאפט מיט דער אלטער.

— נישט צו פערזינדיגען. און איהר גיטעלשי קרוין? קאלט, הא? גיטעל האט אויסגעטהון א שובע, אראפגעשלעפט אין

קאפטען נאכ'ן צווייטען, אויסגעטהון עטליכע פאטשיילעס און פון דעם פעסעלע איז געבליבען אן אויסגעדארטע, איינגעהויקערטע יורענע.

— און וואו איז שרה'קע?

— טהוט זיך איבער — האט זיך ברײנע געשמאלצען פון נחת. אנגעטהון בשעת משעה אויף'ן גולען קאפ א קופקע געמאכט פון פון קאלירטע סטענגעס, בעפוצט מיט קרעלען און גאלדענע בלעכ־לעך — א קינד, שעמט זיך אביסעל, נור וואס זאל איך אייך זא־גען, ניטעלשי קרוין, איז דאס, קיין עין הרע, א שרה'קע? אט געהט זי!

— וואס, איך ווייס נישט? — האט ניטעל ווי זיך בעליידיגט וואס ברײנע דערצעהלט איהר וועגען שרה'קען — נישט קשה, זי האט אין וועמען ארייגצוגראטען!

און כאטש שרה'קע האט זעהר נישט געוואלט א כלה ווערען, האט זי פונדעסטוועגען דורכגעווארפען אלע איהרע קליידער, גע־וואלט דאס מאל געפעלען, אויסזעהן שעהנער. זי האט זיך פאר־קעמט א פריזורע, פערליינט די צוויי צעפ ארום דעם אקפ ווי א קראנץ, אנגעטהון א שווארץ קרעפען קלייד פון דער זייט צו קנעפ־לען און א בלאסע פון שרעק, מיט רויטליכע אויגען פון טרערען, איז די זעכצעהן יעהריגע שרה'קע מיט אמאל ווי עלטער געווא־רען.

זי האט זיך מעשה ראמע א שטעל געטהון אין שפיעגעל אריין, עטוואס אונטערגעהויבען דאס קלייד, זיך דערמאהנט אז זי זעהט אוים ווי ישראל אלטער'ס עלטסטע טאכטער, די יונגע אלמנה און מיט א געמאכטען שמייכעל איז זי אריין צו די געסט.

— זעה נור, זעה, ווי זי האט זיך דאס אויסגעשלייערט? — האט ברײנע א הויב געטהון מיט די פלייצעס — אין שווארצען נאר? פאר וואס האסטו ניט אנגעטהון דאס בלויע קלייד? מען זאגט: מ'האט נישט — — — —

— פטור, נו — האט ניטעל אלץ מבטל געמאכט מיט א קוועטש, אנטקעגען געגאנגען שרה'קען און זיך מיט איהר צוקושט

— נו, שרה'קע, וואָס מאַכסטו? קיין עין הרע אויסגעוואַקסען, כ'וואָלט דיך אסור דערקענט!

די חסידים זענען געוואָרען לעבעדיגער, אַראָפּגעוואָרפען די שווערע פּאַלטענעס, געשפּרייזט איבער דער שטוב, געריבען, גע־פּאַטשט איין האַנד אָן דער צווייטער:

— אַה, וואַרעם, אַ מחיה! אַה!

זיי האָבען זיך איינציגווייז צעזעצט אַרום די טישען, וואָס האָבען זיך געצויגען דורך דער גאַנצער לענג פון עס־צימער.

ברוך אין אַ שוואַרצער, קאַנגאַרענער קאַפּאָטע מיט אַ שפּאַלט, אין אַ צוגרויסען סאַמעטענעם קאַשקעט אויף'ן קאָפּ, פון אונטער וועלכען זיין אויסגעווייקט פּנים, האָט זיך קוים אַרויסגעזעהן, איז געזעסען ביי'ם טיש, ווי אַ האַלצערנער, זיך קיין ריהר געטהון.

שרה'קע האָט גלייכגילטיג געקוקט אויף ברוך'ן, כמעט ווי נישט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר, חשק געהאַט איהם צו פרעגען וואו ער האָט פערטוישט זיין היטעל און זיך שטיל פונאַנדער־געלאַכט.

ביי'ם קאַכעל אויווען איז געשטאַנען איונגער־מאַן, זיך גע־וואַרעמט די פּלייצעס און ווי צו זיך גערעדט:

— דאָס הייסט אַ קרירה! אין „שטיבעל" איז ס'וואַסער פערפרוירען געוואָרען!

— ווייס איך וואָס, מען ווערט שוואַכער פון דור צו דור — האָט שמואל דוד שוחט, אַ שווערער יוד, מיט אַ גאָרטעל איבער'ן גרויסען בויך, געשפּרייזט איבער'ן צימער, מיט אַמאָל זיך אָנגע־שפּאַרט מיט ביידע הענד אָן קאַכעל אויווען, ווי ער וואָלט נישט געזעהן דעם יונגען מאַן, איהם אַריינגערעדט גלייך אין מויל אַריין און זיך צושאָקעלט ווי ביי מנחה — וואָס מיר פראָסט? ס'איז אַ קימלען פון אַ יאָהר דרייסיג. ס'ערשטע יאָהר ווי ר' מענדעלי, זכרונו לברכה, איז נסתלק געוואָרען. מיר האָבען זיך צונויפגע־נומען איבער אַ מנין חסידים, געדונגען אַ בעל־עגלה און אַוועק נאָך קאָצק אויף יאָהר־צייט. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? ס'איז געווען אַ מורא'דיגע קרירה! דער פראָסט האָט אַזוי געברענט,

או פיינעל זיינען ממש אויף די פלויטען געפרוירען געווארען! מיט אונז איז געפאהרען אן אלטער קאצקער, לייבוש קודש האט מען איהם גערופען. דאס איז געווען א יוד א גברן! ווי זעהט מען עס היינט אזעלכע יודען ׳ אמאל פלעגט מען טראגען ריפ־סינע קאפאטעס, נישט פאר ־׳ערע צייטען, כ׳געדענק ווי היינט, לייבוש איז געזעסען אין א ריפסענע קאפאטע אויף וואטע, די בארד ווייס פון פראסט, די וואנסעס — צוויי אייז־ליכט און גע־האלטען אין איין זינגען. דער פראסט האט פערכאפט דעם אט־העם, ס׳איז געווען סכנות נפשות דאס מויל צו עפענען און לײ־בוש, ווי קיינמאל גאר נישט, געהאלטען אין איין זינגען, געפאה־רען צו׳ם רבין מיט א זמר. איהר פערשטעהט? די קאצקער זײ־נען אלע גרויסע בעלי־ניגונים! און ווי מיר זענען גור אריין אין שטאדט, שלעפט ער אונז אין מקוה. יענע צייטען, דארפט איהר וויסען, האט מען נישט געהייצט די מקוות ווי היינט, איז ס׳וואַ־סער טאקע געווען פערפרוירען. לייבוש האט לאנג נישט געק־לעהרט, קיינע שהיות געמאכט, אויסגעהאקט א שטיק אייז און זיך דריי מאל טובל געווען. נישטא דער אמאליגער ברען, ניש־טא! — האט דער שוחט גענענדיגט מיט א זיפץ און אוועק פון אויוועז.

— אמת׳ע חסידים ווערען אלץ ווייניגער! — האט זיך איי־נער אנגערופען.

— נו, רבותי, וואס באלעמוטשען מיר? מיר האבען דאך עפעס היינט צוויי שמחות — האט שמואל דוד שוחט געזאגט און זיך ברייט אוועקגעזעצט ביי׳ם טיש — לאזען זיך חתן כלה חתמ׳נען. די מחותנים, דאכט זיך, זענען דאך פארטיג, הא?

— נעווים, אודאי פארטיג! — האט מרדכי א ביסעל א צומו־טעלטער געזאגט, געקלימפערט מיט א האנד אין א הויזען קעשע־נע און געזוכט עטיצען מיט די אויגען — ברײינע, מיר קענען שוין גערון צום טיש?

באלד האט דער עולם געמאכט פלאץ פאר דער כלה און שרה׳קע, ווי נישט זי וואלט מען געמיינט, האט זיך אויסק־

געזעצט און געשמײכעלט. דער שוחט האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ געשריבענע תנאים, זיך אָנגעטהון אויף דער שפּיץ נאָז אַ פּאָר שפּאַקולען מיט האַלאַבליעס אין די פּאות אַרײן און גענומען לײענען װי אשרי.

— אוי, יעלה ויצמח כגן רטוב, מצא אשה, מצאַ טוב — — — — — — — — — — — — — — המגיד מראשית אחרית — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ברײנע מיט גיטלען זענען געשטאַנען אָנגעלאָרענט מיט צװײ טעלער יעדע, נאָריש געשאָקעלט מיט די קעפּ, געקוקט אויף די מאַנסבילען, װי זײ װאָלטען זײ געפרעגט: נו, שוין? װאַרפען?

דער שוחט האָט געענדיגט מיט׳ן ניגון פון עשרת בני־חמן:

— אוי, והכל שריר וקים! נאום, החתן ברוך, נו? חת׳מע זיך!

שרה׳קע איז געזעסען מיט די פּעדער אין דער האַנד און גע־װאַרט װאָס מען װעט איהר הײסען טהון.

— דאַ, דאַ! — האָבען זיך עטליכע פינגער מיט אַמאָל בע־װיזען אויף די תנאים און איהר געװיזען װאו אונטערצושרײבען זיך.

— אַז איהר צוטומעלט דאָך די כלה! — האָט דער שוחט אַ געשרײ געטהון און געװיזען מיט זײן לאַנגען נאָגעל מיט װעל־כען ער פּרובירט חלפים — כלה, חתמ׳ע זיך!

דאָס װאָרט כלה האָט שרה׳קען אַביסעל צוטומעלט, איז זי געבליבען זיצען אַ פערפּלאָמטע און געקוקט אויף׳ן שוחט.

— נו?

— װאָרט שרה׳קע, װאַרט — האָט ברײנע אַ גליקליכע גע־זאָגט — פאָלג מיך, חתמע זיך אויף אַלע דרײ לשנות — יודיש, פּויליש און פראַנצויזיש, װעסטו קריגען דרײ מאָל חתימה געלד, כאַ, כאַ!

— גערעכט, גערעכט — האָט דער עולם געקװאָלען.

דער שוחט האָט אַרויסגענומען זײן קאָלירטען שניפּטוך מיט

טאבעק פלעקעז, געגעבען איין עק ברוך'ען, דעם צווייטען שרה'קען און אויסגעשריען !

חתן־כלה, זייט מקבל קנין !

— מזל־טוב, מזל־טוב, חתן־כלה, מזל־טוב — און טעלער זע־נען זיך צופלויגען איבער דער פארלאנג.

ברוך האט א שטעריגער אנגעריהרט שרה'קען מיט א פינגער זי זאל זיך אומקוקען, א שאקעל געטהון אויף א פריהער מיט'ן קאפ און איהר אפגעגעבען מזל־טוב, האט שרה'קע ארויסגעפלאצט מיט א געלעכטער, זיך פארשעהמט, ארומגעכאפט בריינען וואס איז געשטאנען נעבען איהר און זיך צעוויינט.

— אוי, זי האט אויף וואס צו וויינען — האט בריינע מיטגע־וויינט — ווען די מאמע וואלט זוכה געווען — — אזא יונג מענש, כי, כי, כי !

ניטעל האט ארומגענומען שרה'קען, זי געקושט, איהר אנגע־טהון א גרויסע, גאלדענע ארבעס קיים.

— נא, טאכטערשי, חתימה געלד !

שרה'קע האט א קוש געטהון ניטלען אין דער האנד, דערנאך איהר געפאלען אויף'ן האלז און די ווייבער זענען אריין אין א צווייטען צימער.

— ט, רבותי, וואס זיצען מיר ? — האט זיך א יונגער־מאן אנגערופען — מיר וועלען זיך אליין סארווען. קום, שמואל דוד, דו כיזט דאך אויך עפים א שמיקעל בעל־שמחה !

שמואל דוד שוחט מיט'ן יונגען־מאן האבען אריינגעבראכט דעם קרופניק, איהם צונאסען און דער עולם האט זיך געבריהט, שוסט געווען אין דער אכילה און הנאה געהאט.

— יא — האט א מיטעל יעהריגער חסיד געקרעכצט, ווי ער וואלט געהאט א מיחש — תנאים ? כ'וויים, מילא ! חסידים זענען נישט מספיד !

א ווארט, א תקיעת־כף אין געגנוג !

—ניין — האט שמואל דוד אויסגעדריגגען מיט צוויי פינ־גער די וואנסען פון קרופניק — ביי מיר איז אויך געווען תנאים !

און מיין מאמע עליו השלום איז געווען א פארברענטער קאצקער! א גארישקייט געדענקט זיך — כ׳געדענק ווי היינט, לייבוש קודש איז געגאנגען א רקודיל, האט דאס גאנצע הויז געציטערט! און איצט זיין קלאפען א האנד אן א האנד! ס׳האט ממש פון ארט גע־צויגען, מען האט פשוט נישט געקאנט איינזיצען, אזא התלהבות, אזא ברען, ווי זעהט מען עס היינט? און איצט זיינע געשרייען; זיינע קולות, עד לב השמים, ס׳האט א פחד ארומגענומען! און וואס מיינט איהר האט ער געזונגען? גאר נישט!

ר׳ מנדלי, ר׳ מנדלי, ר׳ מנ־דלי!

אוי ר׳ מנ־דלי, ר׳ מנ־דלי, ר׳ מנ־דלי!

— די קאצקער האבען אלע געהאט עפעס אזעלכע מאדנע נענ

— האט זלמן מעהל־שענקער, א יוד מיט א פול מויל צונג, ווי ער וואלט תמיד עפעס געקייעט, זיך אנגערופען — און ר׳ מנדלי זכרונו לברכה אליין? זיינע קולות! זיינע נענג! ווער קען דאס משיג זיין? אז ער האט זיך צושריען מיט זיין מאראליש קול — דערצעהלט מען — זענען זיך אלע חסידים צולאפען אין וואלד אריין! פשש — — —

— ר׳ אברהם׳ל טשעכאנאווער זכרונו לברכה, האט נישט שטארק פון איהם געהאלטען — האט איינער ארייננעווארפען.

וואס ווייסען מיר — האט זיך דער שוחט נעקוועטשט — יא געהאלטען, נישט געהאלטען, ווער קען משיג זיין זייערע דרכים? דאס דערצעהלט מען יא. ר׳ יאנקעלע פון ווארקע איז אמאל געקו־מען מיט א מנין חסידים נאך טשעכאנאווע, געהאלטען טיש ביי׳ם טאטען, מפני כבוד אב. ביי׳ם עסען האט זיך דער רבי ז״ל אנגע־רופען: יאנקעלע, זאג עפעס. טאטע — האט יאנקעלע אנגעהויבען —אויף שבת־שירה בין איך געווען אין קאצק. צו שלש־סעודות האט דער רבי מיט מיר גענומען שמועסען וועגען נגינה. גערעדט ווי זיין שטייגער — שארף, מיט חריפות! זאג איך: רבי, פאר־וואס שרייבט איהר נישט אן קיין חבור וועגען נגינה? ענטפערט ער מיר בזה הלשון: ביזט גערעכט, כ׳האב טאקע געוואלט שריי־בען א חבור, און נישט נור וועגען נגינה, וועגען אלץ, א קליינע

אבור, אין גאנצען איין זייטעל, בין איך אבער זיכער אז קיינער וועט מיך נישט פארשטעהן.

ר׳ אברהם׳ל ז״ל האט אויסגעהערט און ס׳איז איהם נישט געפעלען.

— עה, א יוד פיהרט זיך נישט אזוי! אביסעל מעהר בטחון, אביסעל מעהר!

— און וואס מיינט איהר? — האט דער שוחט איינגעבוי־גען דעם קאפ„ שטילער געגומען דערצעהלען. די חסידים האבען אנגעשפיצט די אויערען, געוואלט איינזאפען יעדעס ווארט, יעדע תנועה — וואס מיינט איהר? אין דעם זעלבען פרייטאג צו נאכטס, ווען ר׳ יאנקעלע איז געזעסען ביי זיין פאטער ז״ל און דערצעהלט, איז ר׳ מנדלי ארומגעגאנגען פון א חדר אין א חדר, אין גאנצען אין ווייסען, געיאגט פון זיך יעדען חסיד, נישט גע־לאזט שטעהן אין זיינע דלת אמות און געפאטשט איין האנד אן דער צווייטער:

— טאטע, העלף! טאטע, העלף! ביזט דאך אן אל רחום וחנון! צו ווארטען ביז כולו זכאי — — איז לאנג, לאנג — — — — לאז זיין כולו חייב! יא, כולו חייב!

און דער רבי ז״ל איז אריין אין בית־המדרש, צוגעגאנגען צו׳ם געדעקטען שלחן און בפני כל עם ועדה האט ער ארויסגענומען א ליכט פון א לייכטער און אויסגעשריען:

— לית דין ולית דין!

— וואס זאל איך אייך זאגען? כ׳האב עס אליין געהערט פון לייבוש קודש אז באותו הרגע, ווי דער רבי האט א נעם געטהון דאס ליכט, איז געווארען חשך מצרים! עס האט גענומען דונע־רען און בליצען און דער וואלד, קאצק, דארפט איהר ווייסען, שטעהט פון קדמונים אין א וואלד, איז געשטאנען אין פלאמען, האבען די חסידים בעשיינפערליך געזעהן אז דער קץ איז געקומען און פון גרויס פחד און אימה זיך צולאפען אין פעלד אריין. און תוך כדי דבור האט א נאס געטהון א כיבול.

די חסידים זענען געשטאנען אונטערן רעגען, צעווארפען ווי א

סמארע שעפסען אהן א פאסטיך און שמיל געוויינט. און פון רבי'ס הויז האבען זיך געטראגען, דערצעהלט מען, אזעלכע יללות, אז גאט זאל שומר ומציל זיין!

פון דעמאלט אן האט דער רבי זיך מעהר נישט געוויזען פאר מענשען, מעהר קיין שלום נישט גענומען. א בעוואקסענער איז ער תמיד געזעסען ביי'ם פענסטער און געקוקט אין וואלד אריין, ארום האבלע נאכט אז א חסיד איז אמאל פארבלאנזשעט געווא־רן אין וואלד, האט ער געהערט אזעלכע יללות, אזעלכע געשרייען אז האר און נעגעל האבען זיך איהם געשטעלט קאפויר. דאס האט דער רבי זיך אזוי אויסגע'טענה'עט מיט א בת־קול איבער א שטח פון ארבע מאות פרסה על ארבע מאות פרסה.

די חסידים האבען שוין לאנג געענדיגט דאס געבראטענס, גע־זעסען מיט אפענע מיילער און פון דער זייט געקוקט אויף מרדכי'ן. זיי האבען געוואוסט אז מרדכי איז געווען אין קאצק א בן־בית, ר' מענדעלי האט איהם מקרב געווען, איהם צוגעלאזט צו זיך ביז צו דער פטירה — טא וואס זיצט ער א גלייכגילטיגער און שווייגט? זיי האבען געגלויבט אז אלץ וואס שמואל דוד שוחט האט דערצעהלט איז אמת, געוואלט אבער הערען פון דער ער־שטער האנד, און מיט חשד געקוקט אויף'ן שווייגענדיגען בעל־הבית.

מרדכי האט זיך פארגעסען, זיך געזעהן אין קאצק א בחור, ווי ס'וואלט איצט נעכטען געווען און דא געהן שוין ארום לעגענדען וועגען מענדעלי'ן. איהם האט זיך עפעס נישט געגלויבט אז דאס זיצט ער א מחותן און דאס נארישע בחורל וועט זיין זיין איידעם. ס'האט איהם וועה געטהון פאר שרה'קען, געהאנדעלט געגען איהר פונקט ווי זיין פאטער האט געגען איהם געהאנדעלט, נישט אוועק ווייטער פון פאטער. איהם האט עפעס באנק געטהון, געפיהלט אז זיין שווייגען, דאס צוריק ציהען זיך פון לעבען, האט איהם נאך ווייניגער געגעבען — און געבליבען זיצען א פרעמדער אויף דער איינענער שמחה.

דער שוחט איז אפער פון טיש, אויפגעשטעלט זיין לאנגען

קאלנער פון צובראטשעטעו העמד, לויז געמאכט דעם גארטעל, פערזשמורעט דאס רעכטע אויג און קלאפענדיג א האנד אן א האנד, האט ער זיך לייכט געלאזט איבער דער שטוב:

אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נשמה,
אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נש—מה!
און דער גאנצער עולם האט אונטערגעכאפט:
און אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נשמה,
און אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נשמה!

באלד זענען אלע אפער פון די טישען, זיי ארייננעשטעלט אין א צווייטען צימער. די חסידים האבען ארויפגעלעגט צו האנד אויף'ן צווייטענס אקסעל, פערבויגען די קעפ און געשלאסען א ראד. אין דער מיט איז געשטאנען שמואל דוד שוחט, וואוילעריש אראפגערוקט דעם סאמעטענעם היטעל איבער אן אויער און געקלאפט א האנד אן א האנד:

אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נשמה,
אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נשמה!

דער עולם האט לייכט געהויבען די פיס צום טאקט, פערוואר־פען האנד איבער אקסעל, פערמאכט די אויגען און זיך שטיל צר־זונגען. דאס הארציגע געזאנג האט זיך געצויגען אהן א סוף, גע־צונדען א פייעריל אין אויג און אנגעיאגט א קעלט — האבען זיך די ווייבער גערוקט אין די ווינקלעך, גליקליכע זיך געטוליעט אין שווערע ווינטער טיכער און שטיל מיטגעזונגען:

אוי כאלאדנא, ס'איז קאלט אויף דער נשמה — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

שרה'קע איז געשטאנען אין דער טיר און געקוקט ווי די חסידים טאנצען. דער אלטער שוחט מיט זיין לאנגען, ווייסען קאלנער פון העמד, מיט'ן אפענעם, הארינגען לייב, דעם גארטעל איבער די פיס, איז איהר געפעלען. זי האט געקוקט אויף ברוך'ן, ווי ער האט זיך נאכגעשלעפט א מיעדער, מיט א נאריש פנים, ווי א אינגעל וואלט נאכגעמאכט גרויסע און ס'איז איהר קאלט גע־ווארען. זי איז אריין אין א צווייטען צימער, זיך אויסגעצויגען

אויף א קאנאפע, פערמאכט די אויגען און געוואלט בעגריפען וואס דא טוט זיך, וואס מען וויל פון איהר. ס׳ערשטע מאל אין איהר לעבען האט זי דערפיהלט א שנאה צו איהר פאטער, איהם חושד געווען אז ער איז א פאלשער און נישט געוואוסט פארוואס ער וויל זי אומגליקליך מאכען. און פון צווייטען צימער האט זיך שטיל און טרויעריג ביז צו טרערען געטראגען:

אוי כאלארנא, ס׳איז קאלט אויף דער נשמה — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— 8 —

וולאדעק.

פאר נאכט איז ברײנע געשטאנען בײם מעלקען. די מילך האט זיך געשוימט איבער די ראנדען פון װײס־געשײערטע עמערס, זיך געבלעזעלט און ארום אין דער לופט איז געשטאנען דער ריח פון בהמות, פון פריש געשניטען גראז.

ברײנע האט געזעהן, װי שרה'קע קומט אן פון װאלד, האט זי אנגעשעפט א פול טעפיל מיט מילך, פערברײנגען א שפיץ פון קלײד אין סטאן ארײן און איהר פארלאפען דעם װעג:

— כ'בעט דיך, שרה'קע, טרינק אויס ס'טעפעל מילך. װאס קרימסטו זיך? אויב דו װעסט אויסטרינקען, װעל איך דיר אויף מײן װארט עפעס זאגען!

— װאס די רויטע האט זיך געקעלבט? — האט שרה'קע פרו־בירט טרעפען.

— װעסט נישט טרעפען — האט ברײנע איהר אונטערגע־טראגען ס'טעפעל — טרינק בעסער אויס, אײדער כ'קריג אין נאכ־צען חרטה:

— טא זאג מיר פריהער! — האט שרה'קע זיך געפיעשטשעט.

— נו, ניכער, באלאמוטשע מיך נישט! — האט ברײנע איהר ארײנגעשטעקט דאס טעפעל אין דער האנד ארײן.

— אז כ'קען נישט — האט שרה'קע א קוק געטהון אויף דער צובלעזעלטער מילך און זיך אפגעטרײסעלט, װי זי װאלט געזעהן א מײזעל.

— קוק, װי דאס פיעסטשעט זיך, אסור א פינף יעהריג קינד,

ביזם דאך שוין א כלה־מיידעל — האט די אלטע גענומען די הענד פארבאקעס, בעטראכט שרה'קען און געשאקעלט מיט'ן קאפ — ביי אנדערע קינדער, אז ס'איז דא מילך איז שטוב איז א יום טוב און דא ווארפט מען זיך מיט גאט'ס גאב. זינדיגסט, שרה'קע, זינדיגסט!

שרה'קע האט אן עפען געטהון ס'מויל, ווי צום טרינקען, באלד צוריק עס פערמאכט און זיך כלומרשט צואווינגט:

— אז כ'קען אסור נישט!

— נו, איז נישט, פטור — האט ברײנע זיך אויסגעדרעהט, ווי אוועקצוגעהן.

שרה'קע האט זיך אנגענומען מיט אלע כחות, פערמאכט די אויגען, ווי זי וואלט נישט געגאנגען טרינקען מילך, נור ריצינאויל און עס אויסגעטרונקען מיט איין אטהעם.

— נו, האסט זיך גע'סם'ט? — האט ברײנע צוגענומען דאס לעדיגע טעפיל — אי שרה'קע, ביזט נאך ווילד!

שרה'קע האט ארומגעכאפט די אלטע, וועלכע האט איהר גע־גרייכט ביז אונטער'ן ארעם און גענומען שפרייזען מיט איהר ווי א „הערר מיט א דאמע".

— נו, גענוג, משוגענע דו! — האט די אלטע זיך פון איהר ארויסגעדרעהט.

— טא וואס האסטו מיר געוואלט זאגען?

— יא, ווייסט ווער ס'איז געקומען?

— ווער?

— די מוהמע ניטעל מיט ברוך'ען.

— טאקע? וואס עפעס — — — — — —

— די מוהמע ניטעל איז געקומען אפשטעלען די חתונה און ברוך וועט מסתמא שוין דא בלייבען. דער טאטע וועט איהם דערווייל פיהרען צווישען מענשען, איהם צו ווייזען, וועט ער, אם ירצה השם, ווערען א סוחר מיט לייטען גלייך!

ברײנע האט געזעהן ווי ס'פנים ביי שרה'קען האט זיך מיט אמאל געענדערט, בלאסער געווארען. זי האט זיך א דרעה גע־

טהון אויף איין פוס, צוריק געוואָלט אנשטעלען א פרעהליך פנים, ווי עס וואָלט זיך גאָר נישט געהאנדעלט וועגען איהר, האָט עס אבער איהר זיך נישט איינגעגעבען. זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען, געפּענט ס׳מויל ווי עפּעס צו זאָגען, געבליעבען אנשווייגען און געשאַרט מיט׳ן שפּיץ שוך שטיינדלעך, וואָס זענען געלעגען אונטער איהרע פיס.

ברײנע האָט טיעפער אריינגעשטופּט דעם שפּיץ פון קלייד אין סטאַן אריין. ווי זי וואָלט זיך געקליבען אפּצוטהון א שווער שטיקעל ארבייט, גענומען שרה׳קען אונטער ארעם, זי צוגעפיהרט צו דער מאַכענער באַנק, וואָס ביים שטאַל און זיך מיט איהר אוועגעזעצט

אויף׳ן הויף איז געווען שטיל. פון מאָל צו מאָל האָט א בהמה זיך גענומען רייבען אן דער וואַנד פון שטאַל, פאַרבענקט זיך צומעקט און עס איז נאָך שטילער געוואָרען. פון א קאַשטען־ביים האָט זיך אראָפּגעלאָזט א ווירובעל אין מיטען הויף, נאָך איהם א צווייטער, באַלד האָט זיך א שאָט געטהון א גאַנצע מחנה מיט א צווימשעריי, מיט א פּאַטשעריי. די פייגעלעך זיינען געשפּרונגען איינס איבער׳ן צווייטען, איינס אויף׳ן צווייטען. זיך געקוליעט אין זאַמד, זיך צוגויפגעפּלאַכטען אין א קנויל, מיט אמאָל זיך אי־בערגעשראָקען, זיך א ריס געטהון, זיך געטראָגען ווי א שוואַרצער פלעק און מיט א צווימשעריי זיך צוריק צושאָטען איבער׳ן קאַש־טען־בוים.

ביים היהנער־שטאַל האָט זיך באַוויזען מאַריאַנע א באָרוועסע. זי האָט געהאַלטען א גרויסע דראַטענע זיפּ און גערופען די עופות שלאָפען:

— ציפּ, ציפּ, ציפּ, ציפּ!

פון אלע זייטען האָבען זיך געטראָגען היהנער, העהנער, גענז, קאַטשקעס, אלע מיט צופענטע שנאָבלען. א גאַנער מיט א פער־ריסענעם קאָפּ האָט צוטריבען די היהנער מיט די קאַטשקעס, פלאַץ געמאַכט פאַר די גענז און אז ס׳האָט זיך איהם איינגעגעבען אלע צו פערטרייבען, איז ער אריין אין דער מיט, געכאַפּט עט־

ליבע האבערס, אויסנעצוינענע דעם לאנגען האלז, צושפרייט די פלינעל און ארויסגעלאזט א ברייטען גאן, גאן, גאן גא—אן !

פון דער זייט האט ברײנע נעקוקט אויף שרה׳קען. געשאקעלט מיט׳ן אלטען קאפ. ווי זי וואלט זי בעדויערט, נישט געקענט צוזעהן, ווי דער נאנער צוטרייבט די איבעריגע עופות, געטופעט פון געוואהנהייט מיט א פוס און גערעדט צו זיך: א טי פשא קרעוו! א טי!

מיט א זיפץ האט זי זיך ארומגעקוקט איבער׳ן הויף, וואו יעדעם שטיינדעל. יעדעס גרעזעל איז איהר געווען ליעב. דערפיהלט אויף דעם שוים שרה׳קעס קאפ און זיך דערמאהנט, אז מיט יאהרען צוריק איז זי געזעסען אויף דער זעלבער באנק מיט שרה׳קעס פאטער, איהם מוסר געזאגט פארוואס ער האט זיך צוקריגט מיט די עלטערען, פאר וואס ער וויל חתונה האבען מיט׳ן פאכטער׳ס מיידעל. די אויגען זיינען ביי דער אלטער פערלאפען. זי האט געשוויגען, נעקוקט פאר זיך און דערזעהן דורך די פארלאפענע אויגען, ווי דורך שויבען, טויזענדער זאכען, ווי ס׳וואלט ערשט נעכטען פאסירט, ווי ערשט נעכטען האט זי זיך געיאגט נאך מרדכי׳ן, איהם געבעטען ער זאל זיך לאזען אויסצוואגען, און ער, אז איינגעשפארטער, האט דוקא געוואלט זי זאל אויסרייסען פון א פערד׳ס עק׳ עטליכע האר, געוואלט מאכען א „שידלע״ צו כאפען פייגעל. ערשט נעכטען, דאכט זיך, איז דאך שרה׳קע געבוירען געווארען, מיט אזעלכע פוכליגגע פינגערלעך, דורכזיכטיגע נעגעלעך, ווי זי האט זי ארומגעשלעפט גאנצע טעג אויף דער האנד — — — און ווען דער רבנו של עולם וויל צוהערען איהר תפילה, זי זאל נאך דערלעבען ארומטראגען שרה׳קעס א קינד? — — — נור ווער ווייס? אפשר האט מען ניט געדארפט שטערען מיט׳ן פאכטער׳ס מיידעל? ווער ווייס צו ס׳איז נישט קיין שטראף פון גאט? זיצט דאך מרדכי אן אלמן אזוי פיעל יאהרען? און איצט מיט שרה׳קע ס׳רעדעל דרעהט זיך, דרעהט זיך — — —

ברײנע האט געגלעט שרה׳קע איבער׳ן קאפ און אפגעהוסט:

— שרה'קע, כ'בעט דיך, מיר דארפסטו זאגן. כ'זעה, אז ס'קוועלט דיך עפעס? ס'איז עפעס נישט גלאטיג זאג, וואס בעהאלטסטו אוים? צייט דו ביזט א כלה געווארען געהסטו ארום ווי א נעכטיגע. וואס, ברוך געפעלט דיר נישט? זאג! אז דו שווייגסט? אפשר ביזטו נישט געזונד? כאטש מיר דאכט זיך, אז צו ברוך'ן קענסטו גארנישט האבען! זיצט א בחור על התורה ועל עבודה, ווי גאט האט געבאטען. נו? אז ווער ווייס? כ'ווע? דיר זאגען דעם אמת! ביזטו גראטען, טאכטער, אין טאטען אריין, ווי א טראפען וואסער! ס'איז אין בלוט ביי אייך! דער טאטע האט בחור'ווייז דעם שדוך אויך גיט געוואלט! זעהסטו דאך וואס ער האט זיך אויסגעלאזט, אויף אלע וויסטע וועלדער געזאגט, וויפיעל שרה'קעס האבען מיר אין גאנצען? — האט ברײנע זיך א וויש געטהון די אויגען — אייז אפגעציטערט קינד! בעט איך זיך, שרה'קע, זאג מיר, וואס קוועלט דיך!

— אז ס'איז מיר גאר נישט — האט שרה'קע אויפגעהויבען דעם קאפ.

—

— כ'זעה דאך, אז ס'איז פון דיר געווארען א תל פאר דער לע־צטער וואך? וואס ועסטו מיר איינרעדען?

— כ'וויים, די היצען מאטערען אוים — האט שרה'קע זיך צושמייכעלט.

— גוט — האט די אלטע איהר א וויש געטהון מיט דער האנד איבער'ן פנים — וואס. דער טאטע האט מיט דיר גערעדט?

— וועגען וואס?

— וועגען שידוך.

— יא.

— נו?

— וואס נו?

— האסטו איהם געזאגט, אז דו ווילסט נישט?

— ניין. כ'האב איהם געהייסען טהון. ווי ער פערשטעהט.

ברײנע האט זיך איינגעקוקט אין שרה'קע. ווי זי וואלט אזוי

זיך געוואָלט ארויסקריגען, וואָס זי בעהאַלט פון איהר און זיך אָפּ־געווישט מיט׳ן קלייד די נאָז:

— כ׳האָב שוין אויך געטראַכט. אז שולדיג איז דעם אַלעם איז אפשר דער זומער? ווער ווייס, אז מען איז יונג דאַכט זיך, מען וואָלט מיט די אויגען איינגשלונגען די גאַנצע וועלט, שפּע־טער, טאַכטערשי, אז מען האָט חתונה, פערשווינדט עס און מען זעהט זיך ארום, אז עס איז נישט מעהר געווען ווי אַ כשוף, דען, מישטיינס געזאָגט, וואָס איז אונזער גאַנצער לעבען דאָ אויף ד׳ערד? טאָ צו וואָס זיך נאַריש מאַכען, ווי די גוים? נו, טאַקע? מאַלע, וואָס ס׳הארץ וויל? כ׳ווייס, ליעבע — — — מ׳איז יונג מיינט מען אַלץ איז ליעבע — — — נו, גלויב מיר, ס׳האָט קיין האַפט ניט און מיט זייער גאַנצער ליעבע מעגען זיי זיך געהן לער־נען שלום־בית ביים פּראָסטען איד!

די לעצטע ווערטער האָט שרה׳קע שוין נישט געהערט, זי האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען אַוועקגעהן.

— וואוהין געהסטו? — האָט ברײנע איהר נאָכגעשריען.

— דאַרפסט מיך דען?

— דאַרפען דאַרף איך דיך נישט — האָט ברײנע זיך אויך אויפגעשטעלט — נור כ׳פרעג דיר, ווי פּאַסט עס, די מוהמע גיטעל וואַרט דאָ אויף דיר!

— כ׳וועל באַלד אַהיימקומען!

— זעה, זוים דיך נישט!

שרה׳קע איז געגאַנגען מיט דער לאַנקע און געהאַלטען אין איין זוכען אויף ברוך׳ן חסרונות און אין דער זעלבער צייט זיך געוואונדערט, וואָס זי האָט צו איהם: ער איז דאָך נישט ער־גער פון אַז אַנדערען ווען זי קען צומאָל נישט? זי איז זיכער געוועזן, אַז דעם, וועגען ווען זי חלום׳ט, ווערט זי דאָך קיינמאָל נישט קריגען. טאָ צו וואָס דער גאַנצער אָנשטעל? זי איז געווען אַזוי גלייכגילטיג, אז ווען דער פּאָטער וואָלט איהר איצט נישט גע׳שדכנ׳ט, וואָלט זי נישט געווען דאַגעגען, אבי מען זאָל זי לאָזען צורוה.

די לאַנקע, וואָס האָט זיך אַ גאַנצען טאָג געבאַקען אונטער דער זון, איז פרישער געוואָרען, גענומען איינזאַפּען אין זיך די פייכטקייט, ווי זי וואָלט אַ גוטען טרונק וואַסער געטהון און פון אַלע זייטען האָבען זיך פער'חלש'טע זשאַבעס צוקוואַקעט. בארג יאַרויף, וואו די זון אַ צופלאַמטע האָט זיך געהאַלטען אין זעצען, איז אויף דער לאַנקע געשטאַנען אַ בושעל אויף איין פוס. אין צווייטען האָט ער געהאַלטען אַ שטיין, איינגעקוועטשט אין דער לאַפּע, ער זאָל נישט איינשלאָפען, און מיט אַ פערוואָרפענעם קאָפּ געקוקט ווי דער טאָג פערגעהט. אין מיטען דער לאַנקע אויף אַ צוקרימטען בוים איז געשטאַנען אַ פייגעל, געהאַקט מיט'ן שנאָ־בעל אין דער קאָרע, און איינטאָניג געשריען, ווי ער וואָלט גע־וויינט, הוק—הו־הוק, הוק—הו־הוק!

שרה'קע האָט נישט געקענט הערען, ווי דער פויגעל שרייט. זי האָט אַ וואָרף געטהון אין איהם אַ שטיינדעל, איז דער פויגעל איבערגעפלויגען אויף אַ העכערע צווייג, אַ רגע אַנשווייגען געוואָרען און באַלד האָט זיך איבער דער לאַנקע ווידער געהערט הוק—הו־וק, הוק—הו־וק!

וואו נישט וואו האָט זיך פערוואַלגערט אַ יאַגדע־ביימעל — אַ זכר פון אויסגעהאַקטען וואַלד. שרה'קע האָט זיך פאַרגעסען, געריסען יאַגדעס, זיי געוואָרפען אין מויל אריין און פערקראַצען צו דער „שוואַרצער סקאַלע“, וואָס האָט פון דערווייטענס אויס־געזעהן, ווי אַ קניהענדע פרוי מיט צולאָזענע האָר.

אין טאָל ביים קאַרשינער בארג, וואו ס'אידישע בית עולם איז פאַראַן, איז מיט הונדערטער יאָהרען צוריק געווען אַ אידישער ישוב.

כמעלניצקי מיט זיינע מחנות האָבען בעלאַגערט דעם בארג, נעגעבען די אידען דריי טעג צייט זיי זאָלען זיך אָפּפרעהען מיט זייער גאָט, דערנאָך איהם אריינוואָרפען אין דער ווייכסעל, ס'זאָל פון איהם קיין זכר נישט בלייבען, פריי עפענען די טויערען און זיך צוגרייטען צום שמד. אויב די אידען וועלען דאָס נישט טהון, וועט מען פון זיי אויס'הרג'ענען קינד און קייט.

די אידען האָבען געפּאַסט, געוויינט און דער רב מיט די שעהנסטע בעלי בתים האָבען אָפּגעמאַכט צו וואַרטען ביז דער לעצטער מינוט און אויב גאָט וועט נישט ווייכער מאַכען דעם רשע'ס האַרץ, וועלען זיי זיך אליין אויס'שחט'ען, איבערגעבען דעם רשע אַ שטאָדט מיט מתים.

דעם רב'ס בן־יחיד האָט געזאָלט די זעלבע וואָך חתונה האָבען מיט'ן גביר'ס טאָכטער פון שטעדטעל. אויף'ן דריטען טאָג, דער רב האָט געזעהן דער רשע ווערט נישט ווייכער, האָט ער געשיקט דעם זוהן ער זאָל זיך געזעגענען מיט דער כלה.

זיי זיינען ארויס הינטער דער שטאָדט. און פון דערווייטען איז דער כלה'ס דיענסט־מיידעל זיי נאָכגעגאַנגען, אַ מנהג געווען נישט צו לאָזען חתן־כלה אליין.

אויף'ן ברעג פון דער ווייכסעל, וואו די „שוואַרצע סקאַלע" שטעהט האָבען זיי זיך צוגעזעצט.

די שעהנע כלה האָט זיך געבעטען ביים חתן ער זאָל זי נישט פאַרלאָזען, אז זי קען נישט זיין אָהן איהם. אז זי האָט מורא, ווילדע קאַזאַקען קענען זי כאַפּען, האָט דער חתן זי בערוהיגט, ארומגענומען, אוןביידע האָבען זיך אראָפּגעלאָזט אין דער ווייכסעל אריין.

דאָס דיענסט־מיידעל איז צוגעלאָפען צום ברעג מיט אַ געשריי, געפאַלען אויף די קניהען, אויסגעשטרעקט די הענד, ווי זי וואָלט זיי געוואָלט אָנכאַפּען און געבליבען אַ פערשטיינערטע מיט אָן אָפען מויל און אויסגעגלאָצטע אויגען.

שרה'קע האָט זיך אַזוי פאַרגעסען, אַזוי פאַרטיעפט אין דער מעשה, ווי דאָס וואָלט פּאַסירט מיט איהר. זי האָט אַלץ אויף דאָס ניי דורכגעלעבט און אז זי האָט זיך אַ וואָרף געטהון מיט ברוד'ן איז וואַסער אריין און די אַלטע ברײנע איז געבליבען אַ פערשטיינערטע אויף'ן ברעג, האָט זי זיך דערמאָנט, אז דאָס איז אַ מעשה. זיך נאַריש ארומגעקוקט און ס'איז איהר אַ שאָד געווען, וואָס די מעשה האָט זיך שוין געענדיגט.

אויף'ן שפיץ שטיין זענען געוואקסען יאגדעס. שרה'קע האט ליכט גענומען קלעטערען אויף אלע פיער, זיך נעצויגען ארויף דעם משופע'דיגען שטיין, זיך צוגעהאלטען אן די שפאלטען פון פעלז, אן די ביימלער, וואס האבען ארויסגעוואקסען פון שטיין. אויף'ן שפיץ האט זי זיך אויסגעצויגען, געריסען יאגדעס מיט די צייהן, ווי אינגלעך רייסען אום שבת, און אראפגעקוקט אין וואסער אריין. זי האט געפיהלט, אז ס'איז נענוג א בויג, מען ואל פערלירען דעם גלייכגעוויכט און פליהען אין דער וויכסעל אריין, וואס פליושקעט און רייבט זיך אן „שווארצען פעלז".

עס איז געווארען טונקעלער. דער הימעל איז געלעגען איבער וואלד, איבער די לאנקעס א שווערער, אן אנגעזאפטער. שטיקער פארע האבען זיך געהויבען פון וואסער, ווי רויך פון צולענטע אין מיטען פעלד פייערלעך. די פארע איז געשטאנען פאר די אויגען, ווי פערלאפענע שויבען און אז מען האט זיך איינגעקוקט האט אלץ אויסגעזעהן צושוואומען. און דארט וואו די זון איז פערגאנגען, זענען די בלוטיגע פאסען זיך צושוואומען און איבערגעלאזט איבער'ן הימעל שטיקלעך וואלקען, ווי אפגעסמאליעטע פלעקען. די לאנקעס, די ביימער, וואס אויף זיי, האבען, דאכט זיך, מיט'ן אנקומען פון דער נאכט, זיך איבערגערוקט און דארט, וואו ס'וואסער איז געווען פלאך, האבען ליליען געבויגען די ווייסע קעפלעך צווישען רויר-שטעקעלעך און אויסגעזעהן פון דערווייטענס, ווי ווייסע העלזער פון שווימענדע קאטשקעס.

שרה'קע האט איינגעהאלטען דעם אטהעם און זיך איינגעהערט. ארום איז געווען שטיל. ס'האט זיך געהערט דאס טעמפע קלאפען פון וואסער אן שטיין. פון דער זייט איז אנגעשוואומען א שיפעל. א יונגערמאן איז געשטאנען אין מיטען שיפעל, אין א צוקנעפעלט סטודענטיש רעקעל, א קוטשמע האר אין די אויגען און מיט איין וויאסלע צוגעפיהרט דאס שיפעל צום שטיין.

שרה'קע האט געקוקט אויף'ן יונגען מאן, ווי ער איז געשטאנען מיט דער קוטשמע האר אין די אויגען, די פיס עטוואס צושפרייט און מיט אמאל דערפיהלט ווי פון די לאנקעס, פון וואלד

פון וואסער טראגט זיך צו איהר א פרייד. אין איין רגע האט זי פארגעסען אן אלעם. פארגעסען אן דער היים. געזעהן אלץ ווי דורך א חלום, ווי זי וואלט אפגעפאהרען טויזענדער יאהרען, געבליבען שטעהן ערגעץ ביי א ים, אויף א פעלז, איינע אליין. זי ווייס אז די מישען זענען געגרייט, דער פאלאץ איז וויסט. מען ווארט אויף איהר... און אט איז דער פרינץ, ער טראגט זיך אי־בער דער ווייכסעל, ער קומט נאך איהר — — —

דאס שיפעל איז געבליבען שטעהן אונטער'ן פעלז, א האנד מיט א וויאסלע האט זיך אויסגעשטרעקט צו איהר און אויף דער וויאסלע איז געהאנגען איהר סאמעטענע באנד, וואס זי האט גע־האט איינגעפלאכטען אין די האר.

— ענטשולדיגט, איהר האט עס נור וואס פערלוירען...

שרה'קע האט זיך א כאפ געטהון פאר די האר, געזעהן, אז די באנד איז נישטא, צוריק דערפיהלט דעם שטיין אונטער זיך און חשק געהאט צו זאגען, אז ס'איז נישט איהרס. זי האט צוגענו־מען די באנד, צופענט די שווארצליכע ליפען פון יאגרעס, איהם א רגע אנגעקוקט מיט די אויגען, מיט די שמייכלענדע צייהן, און זיך פערוויטעלט:

— כ'דאנק אייך זעהר! ס'האט אבער נישט געלוינט די מיה צוליעב אזא קלייניגקייט!

ער האט עפעס געשטאמעלט, ארויסגעשפרונגען אויף'ן ברעג און גענומען ארויסשלעפען דאס שיפעל.

שרה'קע איז אראפ פון שטיין, ווי א ווילדע סארנע. זי האט זיך גלייך געמאכט דאס קלייד, א טרייסעל געטהון מיט'ן קאפ גענומען איינפלעכטען די נאסע באנד אין איהרע צעפ.

— אויב איך האב קיין טעות — האט דער סטודענט זיך פער־נייגט און דורכגענומען מיט די פינגער זיין קוטשמע האר — זייט איהר דעם שרייבער'ס טאכטער?

— יא. און ווער זייט איהר?

— איך? — האט דער סטודענט געשמייכעלט, אנגענומען מיט צוויי פינגער דעם פוד, וואו עס האט געדאפט זיין א וואנסע

און וואוילעריש נעדרעהט — מיר זיינען שכנים, אייער פאטער איז שוין עטליכע מאל ביי אונז געווען.

— כ'ווייס נאך אלץ נישט ווער איהר זייט? — האט שרה'קע זיך צולאכט.

— איהר ווייסט וואו פאניאטאווע איז? — האט דער סטו־דענט קיין אויג נישט אראפגעלאזט פון שרה'קען און עס האט איהם פערדראסען, וואס די וואקאציעס זיינען שוין באלד אוועק און ער האט נאך נישט געוואוסט אז אין שכנות וואהנט אזא שעהן מיידעל.

— זייט איהר ישראל אלטער'ס א זוהן? — האט שרה'קע ווי אן איבערראשט' קינד, איהם אנגעכאפט ביי א האנד.

ער האט געענטפערט מיט'ן קאפ אויף יא, געקוקט אויף איה־רע צופאטעלטע האר, דורכגעווארפען מיט גראז און בלעטער; גע־קוקט אין די שווארצע אויגען, טיעף, ווי די וועלדער ביינאכט, און אין גאנצע אזא בויגיגע, אזא פרישע, נישט אנדערש, ווי די „וואלד ליעבע" איז א פערבענקטע איהם אנטקעגען געקומען.

שרה'קע האט זיך א כאפ געטהון. ווי זי וואלט פערשטאנען זיינע רעיונות, און געוואלט אבלאזען די האנד, איז איהר האנד געלעגען אין זיינער.ביידע האבען זיך אנגעקוקט, זיך פערלוירען, פערשעהמט נאכגעלאזט די הענד און פלאטערנדיג, ווי זיי וואל־טען מורא געהאט זיך אנצואווערען, זיינען זייערע הענד צוריק־געבליבען איינע אין דער צווייטער.

— אויב איהר האט נית דאנגעגען — האט דער סטודענט זיך לייכט פערנויגט און זיין קול האט געציטערט — וועל איך אייך אהיים פיהרען!

— כ'האב אבער מורא, אז איך וועל אייך דארפען צוריק פיה־רען — האט שרה'קע זיך צולאכט — איבריגענס קומט, עס איז נאך פריה!

זיי זיינען אפגעגאנגען עטליכע טרים, האט זיך שרה'קע אויס־געדרעהט, זיך איינגעהערט, מיט אמאל א קלאפ געטהון איין האנד אן דער צווייטער און געוויזען אויף דער וויינסעל:

— זעהט נור!

— וואס?

— אייער לאדקע שווימט ראך!

דאס שיפעל, וואס איז קוים געשטאנען אויף'ן ברעג, האט זיך צוריק אריינגעגליטשט און זיך געדרעהט איבער'ן וואסער הין און צוריק ווי א שפיעלצייג. ביים ערשטען בליק האט דער סטו־דענט א רוק געטהון דאס היטעל און אריינגעלאזט א האנד אין די האר. באלד האט ער א מאל געטהון מיט דער האנד, ווי ער וואלט זיך מיאש געווען דערפון, און זיך צושמייכעלט:

— בעסער אזוי, לאז עס געהן!

— ווי ר'נאך וועט איהר אהיימפאהרען? — האט שרה'קע ווייך געפרעגט, ווי זי וואלט געווען שולדיג אין דעם און קינדיש צוגעגעבען — אלץ איבער מיר!

— איהר דארפט זיך נישט ערגערען — האט דער סטודענט שרה'קען בערוהיגט — כ'וועל אהיימגעהן מיט דער לאנקע, דא ארום איז נאך געהנטער!

זיי זיינען געגאנגען און געשוויגען. די לאנקע אז אנגעסוואַ־לענע האט זיך געהויבען אונטער זייערע פיס. די לופט איז גע־ווען פול מיט א שטיל איינטאניג גערויש, ווי דאס זשומען פון ים־שקעטעלעך. בלויז ביים וואסער אויף א בוים איז געזעסען א פוינעל און געפייפט. צום ערשט לייכט, לייכט, זיך געגאסען, זיך פערגאנגען... העכער, העכער, געהילכט און געקנאקט אהן אויפהער, מיט א מאל א פלאץ געטהון, זיך צושאטען ארום און ארום און אין דער לופט איז לאנג געשטאנען דער קלאנג פון מעטאל.

— איהר זייט אמאל געווען אין ווארשע? האט דער סטודענט איבערגעריסען דאס שווייגען.

ניין, נישט געווען.

א — — —

ער האט זיך צורעדט, דערצעהלט איין מעשה נאך דער צוויי־טער. די מעשות זיינען זיך ביי שרה'קען צואוואקסען, צושפיעלט, יעדע קליינינקייט האט ביי איהר געקלונגען אויסטערליש, ניי.

ער האט דערצעהלט ווי סטודענטען לעבען, ווי זיי הונגערען, זיך נע׳חרוש׳ט, וואס שרה׳קע ווייס גאר נישט וועגען סטודענטישע „חולאנקעס״, וואס פאר א פרעהליכע באנדע דאס איז, און יעדע מעשה האט געהאט א ברייטקייט, געשפרודעלט מיט יוגענד.

שרה׳קע האט זיך אזוי בשעת מעשה פארגעסען, אז איהר האט זיך אויסגעדוכט, דאס זי געהט מיט׳ן אפגעברענטען פעטשאריז, וואס וועט קומען נאך איהר ביי נאכט אויף א שווארץ צונאווע פערד און וועט זי ארויסגנב׳ענען.

דער סטודענט האט אפגעשטעלט שרה׳קען ביי א פיען פון אן אפגעהאקטען בוים.

— אויב איהר ווילט, וועלען מיר זיך אביסעל צוזעצען? אין אזא נאכט, איז אן עברה אהיים צו געהן. קוקט, — האט ער געוויזען אויף׳ן נידריגען הימעל, געדיכט באדעקט מיט שטערען — ס׳איז דאך א משוגענע נאכט.

— מען וועט נישט וויסען וואו כ׳בין אהינגעקומען. כ׳מוז אהיים געהן — האט שרה׳קע ווי זיך געבעטען ביי איהם.

— געהט ניט — איז ער נאהענט צו צו איהר און זי אנגע־נומען פאר א האנד — בלייבט דא!

זיין קניע האט אנגעריהרט איהרע, האט זי דערפיהלט א בריה פון קאפ ביז די פיס, א פערפלאמטע זיך אפגערוקט, און זיך צושמייכעלט:

—א גוטע נאכט!

— געהט איהר, הייסט עס? — האט ער איהר לאנג געדריקט די האנד, איהר אזוי געקוקט אין די אויגען, אז זי האט זיך פער־לוירען און שטיל געפרעגט — ווי הייסט איהר?

— איך? שרה׳קע — האט זי קוים צעעפענט די ליפען מיט א שמייכעל — און ווי הייסט איהר?

דער סטודענט איז אזוי צוטומעלט געווארען פון שרה׳קעס שמייכעל, אז ער האט זיך באלד ניט געכאפט וואס זי פרעגט איהם, און א פערלוירענער, ווי ער וואלט זיך דערשראקען, אז ער וועט זי שוין קיינמאל ניט זעהן, האט ער געענטפערט:

— וולאדעק.

— נו א גוטע נאכט! — האט שרה'קע איהם נאך אמאל גע־געבען די האנד, זיך אויסגעדרעהט און כמעט געגומען לויפען אהיים.

— כ'וועל ווארטען אויף אייך מארגען ביים שטיין! — האט ער איהר נאכגעשריען.

זי האט נישט געענטפערט, געלאפען א גליקליכע אהיים. פון פרייד געשפרונגען איבער אראפגעלאזטע ביימער, געבראכען צווייגלעך. צוקומענדיג צום הויז האט זיך איהר געדאכט, אז א פאר אויגען קוקען איהר נאך. זי האט א דרעה געטהון מיט'ן קאפ. דערזעהן ברוך'ן אין אפענעם פענסטער, האט זי זיך אויס־געבויגען, ווי מען וואלט איהר אפגעמאסטען מיט א צווייג איבער די פלייצעס און א שולדיגע זיך ארייגעשארט אין שטוב אריין.

— 9 —

**אין א זומער נאכט.**

**דער גלאק וואס האט געהאנגען אין מיטען הויף אויף א קלאץ** האט גערופען צום מיטאג, זיינען די פויערים, אפגעשאטענע מיט זעגאכץ, ארויס פון די גריבער, וואו זיי האבען געשניטען ברע־טער, זיך צולעגט אין שאטען, וואו זייערע ווייבער, זייערע קינדער פון די ארומיגע דערפער האבען שוין געווארט אויף זיי מיט „דוואיאקעס“ עסען און אין דער זשומענדער שטילקייט וואס ארום, האט זיך געהערט דער שארפער ריח פון קרויט און געקאכטע אר־בעס.

ברײנע האט צו שטעלט א טיש ווי פאר א מנין מענשען. פון די נור וואס אפגעזאטענע קארטאפעל האט זיך געהויבען א פארע, זיך אויסגעמישט מיט'ן ריח, וואס האט זיך געטראגען פון דעם פולמוס שלאיען געפרעגעלט אין פוטער און יעדער, ווער ס'האט אריינגעצויגען אין זיך דעם ריח, זיינען די אויגען ביי איהם גע־ווארען זשעדנע.

מרדכי איז אריין אין שטוב מיט שווערע טריט, זיך גוט ארומ־געוואשען, געריבען מיט א האנדטוך ס'פנים, דעם קארק, אז זיי זיינען אזש פערפלאמט געווארען און זיך געזעצט עסען. אנטקעג־גען איהם איז געזעסען ברוך. זיינע בלאסע באקען האבען זיך עטוואס צוגעברוינט זייענדיג די פאר וואכען אין וואלד און איבער די באקען, אונטער דער גאמבע, האבען זיך געזעהן איינצעלנע געקרויזטע האר, ווי עס פערוואלגערן זיך אמאל איז א זאמדיגען געגענד איינצעלנע גרעזלעך.

— וואס שטעהסטו, זעליג, זעץ דיך עסען! — האט מרדכי גע־זאגט צום קאסירער, אז עלטערער בחור מיט דיקע וואנסען, אנגע־טהון ווי אז עקאנאם, וואס האט צוויי מאל א וואך געבראכט מרדכי'ן „לייזאכץ".

נישט קיין דרייסטער האט דער קאסירער זיך אוועקגעזעצט נעבען בעל־הבית, ארויסגענומען פון דער בוזים קעשענע א נומער „הצפירה", איהם וואוילעריש צעווארפען און פון דער זייט געקוקט וואס פארע איינדרוק ס'מאכט אויף די ארומיגע.

ברײנע האט געהאלטען אין איין טיילען, אראפגענומען פון איין טעלער, צוגעלעגט צו א צווייטען און יעדע ווײלע גערופען:

— שרה'קע, געגוג צו לייענען, קום אריין עסען!

— כ'געה שוין! — האט זיך געהערט פון צווייטען אפענעם צימער.

ברוך האט געקוקט אין שפיגעל, וואס האט געהאנגען קעגענ־איבער דער אפענער טיר און געזעהן ווי שרה'קע זיצט איבער א בוך, די האר אין די אויגען, שלינגט א שורה נאך א שורה, ווי זי וואלט זיך געאיילט צו דערלייענען ביז א געוויסען פלאץ. ער האט באמערקט אויף איהר פּנים א לייכטען שמייכעל. דער שמיי־כעל איז זיך צעוואקסען, ווי ער וואלט געקומען פון אינעווייניג, זיך איבערגעריסען, באלד זיך ווידער צולעגט, האט ברוך זיך אויך צושמייכעלט וואס שרה'קען טהוט הנאה פון דער מעשה. זי האט גענומען בלעטערען ס'בוך, געוואלט זעהן צי עס איז נאך ווייט צו א קאפּיטאל, מיט אמאל פערקנייטשט די זייט, וואו זי האט געהאלטען און מיט א שפּרונג אריין אין עס־צימער:

— אה, די פיש שמעקען!

— ווילסטו א מיטעל־שטיקעל? — האט ברײנע זי געפרעגט.

— כ'וויל א קעפּעל!

— ווערסט דאך קאליע מאכען! — האט ברײנע געזוכט מיט'ן גאפּעל וואס איהר צו געבען — נו, נא, נא דיר ביידע, נור זאלסט עס אויפעסען, הערסט?

— וואס פאר א ביכעל לייענסטו? — האט דער פאטער זי געפרעגט.

— א פויליש — האט זי ניט ווילענדיג געענטפערט.

— וועמעס?

— וואס? — האט שרה׳קע א טראכט געטהון וואס צו זא־גען און געענטפערט אויף׳ן ארט — ס׳איז דיין ביכעל: פאן טאדעאוש.

זי האט זיך באלד געכאפט, אז ברוך ווייס וואס זי לייענט, א קוק געטהון אויף איהם. געפיהלט ווי זי רויטעלט זיך, וואס זי זאגט א ליגען און גענומען עסען.

— א טייער ביכעל „פאן טאדעאוש" — האט דער קאסירער נעשלונגען די הייסע קארטאפעל, פארטרונקען מיט קאלטען שטשאוו און געוועזן צופרידען וואס ער קען ארויסווייזען זיין וואוילגעלערנטקייט — יעדעס ווארט דארט איז צו קושען! הייגט זעהט מען שוין נישט די שררים. אבער אמאל? אז איך האב עס צום ערשטען מאל געלייענט — האט ער זיך געווענדעט צו שרה׳־קען — בין איך געווען אין איהנס יאהרען! וואס האב איך גע־וואלט זאגען, יא. האט זיך מיר גערוכט אז די אלע שררים וואס ער בעשרייבט, קען איך! ס׳זאל פעהלען, זאג איך, א האר! ווי ער באשרייבט ס׳גניעג, דעם וואלד, זייערע קריגערייען איבער א האז — אלץ לעבט, ווי דו וואלסט געשטאנען דערביי!

— דערפאר אז ער קומט צו אידישע מנהגים — האט מרדכי זיך אנגערופען — הינקט ער אביסעל אונטער, פארט א גוי!

— וואס מיינסטו? — האט שרהקע צועפענט די אויגען, זיך געתדושט וואס האט דעם פאטער געקענט אריינציהען אין א שמועס.

— ביי איהם א שטיינער סומט אויס, אז אידען לעגען אויף׳ן פאפ ציצית, נישט קיין תפילין — האט מרדכי געשמייכעלט — אמת ס׳איז א קליינינגקייט, פאר מיר אבער פערזענליך איז עס נע־נוג כ׳זאל קיין צוטרוי נישט האבען צו׳ם שרייבער.

שרה׳קע האט געוואלט פארציהען דעם שמועס, זעהר ליעב גע־

האט צו הערען דעם פאטער רעדען, זיך אבער געשעהמט עפעס צו ענטפערען אין ברוד'ס געגענווארט, געוואלט דער שמועס זאל אי־בערגעהן אויף עפעס אנדערש, מורא געהאט זי זאל זיך ניט מעהר פערבלאנדזשען.

צייט זי האט זיך באקענט מיט וולאדעק'ן איז זי געווארען אן אנדערע. נאך יעדען מאל זעהען זיך מיט איהם, האט זי געקענט אפזיצען ביי זיך אין שלאף־צימער שעה'ן, איבער'חזר'ען יעדעס ווארט זיינס, צוקלערען וואס זי האט איהם געדארפט זאגען, וואס ער וואלט געענטפערט, און אזוי אהן אן אויפהער. די ערשטע טעג האט זי געהאט אפגעמאכט ביי זיך צו דערצעהלען אלץ דעם פאטער, לאז ער וויסען, אז זי וויל ניט ברוד'ען, און ער, דער פא־טער, דארף זיך זעהען מיט וולאדעק'ס עלטערען, זי וועט מיט אן אנדערען ניט חתונה האבען. און יעדעס מאל, ווען זי איז אהיים געקומען, האט זי געפיהלט, אז זי וועט דאס דעם פאטער קיינמאל נישט זאגען, ניט דערפאר, וואס איהר האט געפעהלט מוטה, נור זי האט איינפאך ניט געוואלט, אז אימיצער זאל וויסען, דאס זי זעהט זיך יעדען טאג מיט וולאדעק'ען, ווי דער גאנצער רייץ וואלט געלעגען אין דעם, דאס די שטוב־מענשען, צווישען וועלכע זי האט פערגומען דעם אויבען־אן האבען ניט געוואוסט, אז ווען ס'ווערט איהר אומעטיג, האט זי וואו צו געהן.

ברוד האט זיך אנגעשטויסען, אז זי זעהט זיך מיט אימיצען. זי אליין האט איהם געזאגט, אז די ביכער נעהמט זי ביי זייער שכן'ס א זוהן, און אז ער האט זי געפרעגט: ביי וועמען, האט זי ניט געענטפערט.

נאך די פיש האט דער פאטער זיך אויפגעשטעלט, הויך גע־מאכט א „בורא נפשות", אויסגעטהון דעם לויזען, העלען כא־לאט און זיך געווענדעט צו שרה'קען:

— האסטו שוין אפגעגעסען?

ער האט נישט געווארט זי זאל איהם ענטפערען און ארויפ־געלענט אויף ברוד'ן א האנד:

אויב דו פוילסט זיך נישט, ברוד, געה אריבער מיט זעליגען

צו דער אלשינע און צייכענען אפ די הונדערט פערטעל האלץ. נעהם מיט ס'קלענערע העקעל.

— כ'וועל נעהן.

שרה'קע האט געוואוסט, אז דאס רופט זי דער פאטער, זי זאל איהם פארלייענען די גאזעטע, וואס זיינען אנגעקומען איין מאל א וואך אין וואלד אריין. יערען נאכמיטאג האט זיך מרדכי צו־געשפארט און די טאכטער האט פאר איהם געלייענט די טעלע־גראמען פון אלע טיילען וועלט, נייעס וועגען רויבערייען און די פאליטיק פון דער וואך.

ער האט אראפגעווארפען מיט א קרעכץ די לאטשען, זיך אויסגעצויגען אויף דער ווייכער אטאמאנע, פערליינט איין האנד אונטער'ן קאפ. מיט דער צווייטער האט ער זיך בעקוקט די לאנ־גע בארד, זי אונטערגעטראגען צו דער נאז, געקוקט צו עס פער־וואלגערט זיך נישט אמאל א גרויע האר און א זאג געטהון:

— נו לייען טאכטערשי!

שרה'קע האט גענומען דעם „קוריער פאלסקי", פערלענט א פוס אויף א פוס, זיך געמאכט בעקוועם און געלייענט:

— א שלאכט אויף'ן ים. אז אפטיילונג פון דער יאפאנע־זישער פלאטע, וואס איז בעשטאנען פון שווערע און לייכט קריי־צערס איז בעפאלען די רוסישע און נאך א שלאכט וואס האט אנגעהאלטען פיער שעה, זיינען דריי רוסישע שיפען געזונקען גע־ווארען און די איבעריגע שווער באשעדיגט זיינען אנטלאפען.

— אי, גוט, — האט מרדכי זיך געווישט די בארד — כ'האב תמיד געטענה'ט אז דעם רוסישען בער'ס גבורות זיינען איבער־טריבען, איצט מיט יאפאן וועט ער נאר כאפען א מפלה! נו, לייען ווייטער!

שרה'קע האט געלייענט איין טעלעגראמע נאך דער צווייטער, אלץ וועגען דער רוסיש־יאפאנעזישע מלחמה, נעזעהן ווי דער פא־טער מאכט צו איין אויג, עפענט עס צוריק, חזר'ט איבער דאס ווארט, מיט וועלכען ער איז איינגדרעמעלט, וועלענדיג ווייזען דער טאכטער אז ער שלאפט נישט:

— אזוי, געזונקען אזא שיף? נו, לייען! מיינסט כ׳שלאף? כ׳שלאף נישט!

באלד האט דער פאטער פערמאכט ביידע אויגען, געבליבען ליגען אויף די פלייצעס, געהאלטען א האנד אויף׳ן הארץ און גע־שנארכט אויף׳ן קול.

שרה׳קע איז נאך געזעסען אביסעל, זיך איינגעקוקט צו ער שלאפט מיט אן אמת, איבערגעקוקט די נאזעטען און מיט שטילע טרים ארייגעגאנגען צו זיך אין שלאף־צימער. זי האט זיך אפ־געשלאסען, ארויסגענומען די שקאטולקע מיט ציערונג וואס עס איז איהר געבליבען נאך דער מוטער, זיך אנגעמאסטען די שווע־רע נאלדענע ארבעס־קייטען, די לאנגע בריליאנטענע אויררינגען, וואס זיינען איהר געפאלען ביז איבער די אקסלען. זי האט גע־זוכט וואס זיך אנצוטהון, געוואלט אויסזעהן שעהנער ווען זי האט זיך געדארפט זעהן מיט וואלאדעק׳ען און נישט געוואלט טראכ־טען אז אין צוויי וואכען ארום ענדיגען זיך די וואקאציעס און ער פאהרט צוריק נאך ווארשא. כמעט יעדען טאג האט זי געביטען איהרע קליידער, אויסגעזוכט נייע סאמעטלער, געקעמט די האר אנדערש. זי האט נאך געהאט עטליכע שעה צייט זיך צו טרעפען מיט איהם, האט זי זיך שוין גענומען פוצען, איבערגעווארפען אן א שיעור זיידענע זאקען, זיך אזוי פערגעסען, אז איהר האט זיך געדאכט דאס זי איז די העלדין פון „האמא־סאפיענס“, וואס וואלאדעק האט איהר געגעבען צו לעזען, דאס קלייבט זי זיך אוועק־צופאהרען מיט פאלק׳ען, נעהמט צונויף איהרע זאכען. מען קלאפט אן אין טהיר, זי עפענט. איהר חתן, דער הינקעדיגער מאהלער קומט אריין. דער מאהלער זעהט פונקט אויס ווי ברוך, נור ער הינקט אויף א פוס.

— וו׳או קלייבסטו זיך? — פרעגט ער א בלאסער.

— כ׳פאהר אוועק.

— אליין? — פרעגט ער ווידער און צוווארפט בשעת־מעשה די לאנגע זיידענע זאקען.

— ניין, כ׳פאהר מיט פאלקען.

— אה מיט פאלקען, מיט מיין חבר? כ'האב גאר פארגעסען! אזוי, פאהרסטו מיט פאלקען און וועסט אנטהון די ברוינע זיידענע זאקען, את די? די זאקען וואס ביזט געגאנגען צו אונזערע תנאים? שרה'קע זעהט ווי די זאקען צוקריכען אונטער זיי־נע פינגער, ווערען נישט.

זי האט א צאפעל געטהון, זיך אומגעקוקט. זי איז געווען אליין אין צימער. א מיעדע האט זי זיך צוגעזעצט, זעהר געוואלט אז וולאדעק זאל איצט אריינקומען, אנקלאפען אין פענסטער, זי וועט איהם עפענען, אריינלאזען און ווייטער האט זי פערביסען די ליפען, פערקווטשט די אויגען און גאר נישט געטראכט.

איהר איז איינגעפאלען אז מען דארף זיך ארומוואשען, מורא געהאט אז זי זאל נישט אויסזעהן ווי א דארף'ס שיקסע ווען זי זעהט זיך מיט איהר שיינעץ און גענומען קעמען די האר אין פערשיעדענע פריזורען. ס'האט איהר באלד דערעסען. זי האט זיך א ווארף געטהון אויף איהר בעטעל, פערמאכט די אויגען און זיך נעזעהן מיט וולאדעק'ען אין ווארשא, גע'חלומ'ט וועגען זיין חבר, מאטעק, וועגען וועלכען ער האט איהר אזוי פיעל דערצעהלט. זי האט נישט געוואלט טראכטען דערפון און פונקט ווי ביי א פאקוסניק, וויפיעל מעסערס ער זאל נישט ארויסווארפען, קומען אלע צוריק אין דעם זעלבען פלאץ, אזוי זיינען די געדאנקען ביי שרה'קען צוריק געקומען צו'ם זעלבען פונקט. אז מאטעק האט זי צוגענומען פון וולאדעק'ען און ער געהט איהר נאך אויף טריט און שריט. וויינט, סטראשעט אז ער וועט זיך דאס לעבען נעהמען און מיט אמאל קומט מען איהר אנזאגען אז וולאדעק האט זיך געשאסען און מען גיט איהר איבער זיין לעצטען בריעף

שרה'קע האט זיך אויפגעזעצט. געפיהלט אז זי איז א מיאוס'־ער מענש, אז אזעלכע געדאנקען דארפען איהר נישט קריכען אין קאפ אריין. זי האט געעפענט א בוך, אנגעהויבען לייענען, נישט געקענט, געפיהלט ווי די זעלבע מעשה הויבט זיך אויף ס'ניי אז צו וועבען, זיך אין גאנצען איבערגעגעבען דעם פלאנטער און אזוי אפגעלעגען ביי זיך אין שלאף־צימער עטליכע שעה.

פארנאכט האט זי זיך אויסגעניכטערט, צוריק אריינגעהאנגען אלע קליידער וואס זי האט געהאט אנגעגרייט. זיך אנגעטהון א ווייסע מאטראז־אנצוג מיט א בלויען קאלנער, אראפגענומען איין שנירעל פעריל, זיך אנגעטהון אויף'ן האלז, גענומען א העל־זיידען שירעמיל און ארוים פון שטוב.

זי איז געגאנגען מיט'ן וואלד. דער וואלד איז געווען שיטער, זיך געצויגען בארג ארויף. ניט ביימלער האבען זיך געפלאכטען און געפלאנטערט, נישט צוגעלאזט קיין ליכט, איז אין וואלד טונקעל געווארען און שרה'קע איז אריין ווי אין א קיהלען קעלער. אז זי איז צוגעקומען צו דער אלשינע איז איהר ברוך אנטקעגען געקומען מיט א קליין העקעל אין האנד, מיט וועלכען מען בעצייכענט האלבע קלאפטער. שרה'קע האט זיך עטוואס פערלוירען און זיך אפגעשטעלט:

וואוהין געהסטו?

זי האט איהם געוואלט זאגען דעם אמת, געעפענט ס'מויל האט זיך די צונג ביי איהר א דרעה געטהון:

—כ'געה זעהן ווי מען רייסט די קארע.

— די פויערטעס זיינען שוין אהיים געגאנגען — האט ברוך זי מאדנע אנגעקוקט נוי ער וואלט געשמייכעלט.

—טאקע? — האט שרה'קע זיך פערלוירען, געווען זיכער אז ער וויים אלץ — וועל איך צוגעהן צו מאריאנען. זי שלאפט דאך אין „באראק", הא? כ'האב איהר צוגעזאגט צו קומען.

— וואס האסטו זיך עפעס אזוי אויסגעפוצט?

— כ'האב זיך אויסגעפוצט? — האט שרה'קע כלומרשט מיט א שמייכעל בעקוקט איהר אייגענעם הילוך — כ'געה דאכט זיך שטענדיג אזוי.

— אויב דו ווילסט וועל איך דיר צופיהרען — האט ברוך זיך געבעטען מיט די אויגען.

— האסט מורא כ'וועל אליין נישט טרעפען?

— ניין, — האט ברוך אנגעהויבען שטאמלען — נור אויף יענער זייט אלשינע זיצט א סטודענט, כ'זעה איהם כמעט יערען

טאג דארט, ווי ער וואלט געווארט אויף אימיצען, רעכען איך אז ס'פאסט נישט אליין צונעהן, וואס זאגסטו?

שרה'קע האט דערפיהלט ווי ס'בלוט הויבט זיך איהר אין פנים ארײן. זי האט זיך אויסגערדרעהט, זיך א ביס געטהון אין דער ליפ און זיך צושמייכעלט.

— דארפסט נישט מורא האבען, מיך וועט קיינער נישט טשע־פען.

זי האט גענומען אוועקגעהן, געווען זיכער, אז ברוך קוקט איהר נאך, מאדנע געשפרייזט, ווי זיין בליק וואלט זיך געפלאנטערט צווישען איהרע פיס. זי האט דערהערט א רויש, ווי צווייגלעך וואלטען געקנאקט און זיך אויסגערדרעהט. ברוך איז אהיים גע־גאנגען. ס'איז איהר געווארען אומעטיג און די פריהערדיגע פרייד איז ערגעץ וואו פערשוואונדען. זי האט ברוך'ן נישט פיינד געהאט — בלויז רחמנות געקראגען אויף איהם.

פון דער ווייטענס האט שרה'קע דערזעהן וולאדעק'ען. ער איז געזעסען אהן א היטעל אויף א פיען און זיך געפיילט די נע־געל. א גלייכגילטיגע איז זי געשטאנען, געקוקט אויף איהם, ווי אויף א ווילד פרעמדען, געזעהן ווי ער שפיגעלט זיך, דרעהט די וואנסען, מאכט „פיסקעס" און שטיל, מען זאל נישט באמערקען, האט זי גענומען געהן אויף צוריק. זי האט זיך בעהאלטען הינטער ביימער און אז זי האט איהם פערלוירען פון אויג, האט זי גענומען געהן גיך, כמעט געלאפען, דעריאגט ברוך'ן.

אזוי געשווינד? — האט ער זיך געחדושט.

— מאריאנע איז געגאנגען אין שטאדט ארײן.

זיי האבען געשוויגען. שרה'קע האט געריסען בלעטער, זיי צוריבען, אוועקגעווארפען, ווייטער געריסען, מיטברעכענדיג צווייג־לעך. איז כעס געווען אויף זיך פאר וואס זי געהט אהיים. באלד וועט זי איהם שוין אין גאנצען נישט זעהן. ער פאהרט דאך צו־ריק נאך ווארשא און זי וועט דא בלייבען מיט ברוך'ן. וואס וויל ער פון איהר? זי איז געבליבען הינטערשטעליג. זעהר חשק גע־האט צוריקצוגעהן און געגאנגען ווייטער. ברוך האט געוואלט

עפעס זאגעו, זיך אפגעשטעלט און אז שרה'קע האט זיך אויסגע־גלייכט מיט איהם, האט ער דערפיהלט ווי די ווערטער זיינען צו־נעקלעפט צו דער צונג און ער האט סתם א זאג געטהון:

— האסט איהם באגעגענט?

— וועמען?

— דעם סטודענט.

— וואס ליגט דיר אלץ אין קאפ דער סטודענט? — האט שרה'קע אויסגעלאזט דעם כעס צו איהם — האסט מורא אז כ'בין פערליעבט אין איהם?

— איך האב דאס נישט געזאגט — איז ברוך רויט געווארען —דארפסט זיך נישט בעליידיגען. כ'פרעג זיך סתם וואס ער טהוט אין וואלד?

— ער ווארט אויף מיר! — האט זיך שרה'קע אפגעשטעלט און איהם אנגעקוקט.

— זעהר גוט! — האט זיך ברוך צושמייכעלט און איז געווען זיכער אז דאס שפאסט זי מיט איהם.

— דו מיינסט כ'שפאס, הא? — האט שרה'קע צונויפגעצויגען דעם שטערען און די שווארצע אויגען האבען זיך ביי איהר א צונד נעטהון — זאג איך דיר נאך א מאל, אז ער ווארט אויף מיר!

— טא פארוואס געהסטו נישט צו איהם? — האט שוין ברוך א נעקרענקטער געענטפערט.

— ווייל איך וויל נישט!

— ער ווייס אז דו ביזט א כלה — האט ברוך ארויסגעשטא־מעלט און באלד חרטה געהאט.

— פון וואנען ווייסט ער?

— זעהסט דאך ער ווייס!

— דו האסט איהם געזאגט?

— ניין — האט ברוך נישט געוואוסט ווי ר'נאך זיך ארויס־צופלאנטערען — ער האט זיך מיט מיר פונאנדערגערעדט, זיך אויסגעפרעגט וועגען פעטער. מיר דערצעהלט וועגען זיינע עלטע־

רען, כ'ווייס נישט ווי ר'נאר, נור מיר זיינען צורייד געקומען
ווענען דיר האב איך איהם דערצעהלט.

— וואס ?

— ווייסט ראך — — —

— האסט איהם געזאגט אז דו ביזט מיין חתן?

— יא.

שרה'קע האט זיך צולאכט. צום ערשט שטיל, דערנאך העכער, העכער, ביז זי האט זיך אוש אנגעכאפט פאר א בוים, בשעת אין לאכען האט זי דערפיהלט א מאדנע רציחה, אלץ אין איהר האט זיך געקארטשעט, זיך געריסען צו ברוך'ן, חשק גע־האט איהם צורייסען אויף שטיקער, איהם אנכאפען פאר די נא־רישע אויערען און שרייען אין פנים אריין: בהמה! בהמה! אין איין רגע האט זי בעשלאסען צו לאזען ברוך'ן אליין, צוריק־געהן צו וולאדעק'ען, איהם זאגען פון היינט אן פערלאזט זי אלע און ווי זי געהט און שטעהט בלייבט זי מיט איהם, ווען טהון וואס ער וועט נור וועלען. זי האט אויפגעהערט לאכען, געפיהלט ווי עפעס פערקוועטשט איהר ארום הארץ, ווי מיט אן אייזערנער רייף, די ביימער רוקען זיך אלץ נעהענטער, רינגלען זי ארום, ווי די ווענט פון א שטייג, און מיט אן אראפגעלאזטע קאפ האט זי גענומען געהן א היים.

ברוך איז געגאנגען נאך איהר מיט אן אפען מויל, געוואלט זי איבערבעטען. עס האט איהם געקלונגען אין די אויערען און פונקט ווי א טויבער וואס מיינט אז ער רעדט צו נידריג, טהוט ער מיט אמאל א הויב זיין שטימע אויף עטליכע טענער. אזוי האט אלץ אין ברוך'ן זיך געבעטען און ס'איז געקומען צום רע־דען האט ער כמעט א געשריי געטהון:

— שרה'קע, אז כ'ביז נישט שולדיג. ווען איך ווייס אז דיך וועט אארען, וואלט איך איהם אסור געזאגט... שרה'קע...

— מיך אארט נישט — האט שרה'קע געענטפערט — דו האסט געזאגט דעם אמת, כ'ביז דיין כלה...

זי האט מעהר מיט איהם נישט גערעדט. אויף דער ווערא[n]דע

האט דער פאטער, וואס איז געזעסען מיט'ן קאסירער, אפגע־שטעלט ברוך'ן און שרה'קע איז אריין צו זיך אין שלאף־צימער. זי האט זיך אפגעשלאפען, זיך אריינגעווארפען אין בעטעל און גע־וויינט אהן טרערען. זי האט געריסען מיט די צייהן דאס ציכעל, אומגעווארפען מיט א פוס א שטוהל, געשריען אהן קולות און זיך גע'חידושט וואס קיינער קומט נישט אנצולויפען, ווי אלע וואלטען מיט אמאל טויב געווארען. עס האט איהר פארדראסען וואס זי לאזט וולאדעק'ען דארטווארטען, זי דארף אהין געהן און איהם זאגען אז זי איז זיין כלה, אז צווישען זיי איז אלץ גע־ענדיגט, אז ער זאל מעהר אין וואלד אריין נישט קומען, אז — —

זי האט געהערט א לייכטען קלאפ אין טהיר:

— ווער איז?

— איך, שרה'קע, זיי אזוי גוט עפען!

— וואס ווילסטו?

— גאר נישט.

— כ'קען יעצט נישט עפענען.

ברוך האט זיך קיין ארט ניט געקענט געפינען. ער איז גע־גאנגען פון איין צימער אין צווייטען, עטליכע מאל געבליבען שטעהן הינטער שרה'קעס טהיר, זיך איינגעהערט, אריינגעקוקט דורך'ן שלאס־לעכעל און געזעהן ווי זי ליגט א צונויפגעדרעהטע אויף'ן בעט.

איהם האט זיך נישט געגלויבט אז זי זאל האבען עפעס צו טהון מיט'ן סטודענט, און וואס מעהר ער האט אפגעשטופט דעם געדאנק, נישט געוואלט טראכטען וועגען איהם, אלץ אפטער איז ער ארויסגעשוואומען, זיך איינגענעסען אין די ביינער און יעדעס מאל מיט מעהר איינצעלהייטען.

ברוך איז פריה געגאנגען שלאפען. זיך געדרעהט אויף'ן גע־לעגער און וואס שטארקער ער האט פערקוועטשט די אויגען, גע־וואלט איינשלאפען, אלץ וואכינער איז ער געווארען און געפיהלט ווי א שווערער איזייזם לעגט זיך איבער איהם.

די לבנה איז ־־־ייסע, א קיילעכדיגע איז געהאנגען איבער'ן פענ־

סטער, ווי זי וואלט אריינגעקוקט און בעלויכטעט יעדען ווינקעל פון צימער. ברוך'ן האט זיך געדאכט אז ער הערט טריט. ער האט זיך אויפגעזעצט און זיך א ווײלע אײנגעהערט. אויף אײנעם פון די ביימער וואס זײנען געשטאנען געגענאיבער דעם פענסטער, איז געזעסען א פויגעל און געפייפט. ברוך האט זיך צוריק אײנגעטוליעט. אריבערגעשלעפט די קאלדרע איבער'ן קאפ, נישט געוואלט הערען דאס פייפען און זיך געדרעהט פון איין זייט אויף דער צווייטער. דאס פייפען האט איהם דערנערווירט. ער איז אראפ פון בעט, ארויסגעשטעקט דעם קאפ און זיך אײנגעהערט פון וועלכען בוים דאס פייפען קומט. ער האט אנגעכאפט ביי א צווייג און אנגעהויבען שאקלען. דער פייגעל איז אויף א רגע אנשוויגען געווארען, באלד זיך צוריק צופייפט. ברוך איז געבליבען זיצען אויף'ן פענסטער, און אויסגעמידען די פולע לבנה, וואס האט געקוקט איהם אין פנים אריין, ווי דער שטומער נאכט'ס אן אויג. ער האט ווידער דערהערט טריט, מעהר זיך ארויסגעבוינען און געזעהן ווי אימיצער גנב'עט זיך אויף דער לאנקע. ער האט צוריק אריינגעכאפט דעם קאפ אז מען זאל איהם נישט באמערקען און זיך אײנגעקוקט ווער עס געהט. ביסלעכווייז איז די פינסטערניש געווארען שיטערער און ער האט דערקענט דעם סטודענט.

ווי א פערוואונדעטע חיה, וואס קען זיך נישט ריהרען פון ארט, איז ברוך געבליבען שטעהן ביים פענסטער. אלץ אין איהם האט זיך געקרעמפט, זיך געוואלט א ווארף טהון אויף'ן פרעמדען, איהם האט זיך געדאכט, אז ער הערט ווי מען עפענט ס'פענסטער, זיך נאך מעהר ארויסגעבוינען, אנגעשפיצט די אויערען און בלויז געהערט ווי ארום און ארום זשומעט די נאכט. ער האט געדרעהט מיט'ן קאפ אין אלע זייטען, געזוכט דעם סטודענט, איהם מעהר נישט געזעהן, איז ברוך געבליבען שטעהן אהן אטהעם, און ארום איז מיט אמאל געווארען אזוי שטיל ווי דער דופק פון דער נאכט וואלט זיך אפגעשטעלט.

עס האט זיך געהערט ווי מען קלאפט לייכט אין א פענסטער.

ברוך האט קיינעם נישט געזעהן. די ביימער וואס האבען אפ־געטיילט איין פענסטער פון צווייטען זיינען געשטאנען ווי א שווארצע וואנד צווישען איהם און שרה'קעס פענסטער. ער האט דערהערט ווערטער, אנגעשפיצט אן אויער און זיך איינגעהערט:

— און איך האב נישט געקענט איבערטראכטען פארוואס דו ביזט נישט געקומען?

— דו פאהרסט דאך סיי־ווי־סיי אוועק!

אז דו ווילסט וועל איך נישט פאהרען?

— פאהר יא!

— וואס איז דער מעהר, שרה'קע? — פון נעכטען ביז היינט דערקען איך זיך נישט! ס'דיך אימיצער בעליידיגט, זאג?

— ס' איז גארנישט!

— ס'איז יא עפעס!

— אין!

— שרה'קע — — —

— פאהר אוועק מארגען, כ'בעט דיך.

— פאר וואס טרייבסטו מיך?

— ווייל — — גאר נישט, כ'וויל אז דו זאלסט אוועקפאהרען!

— פארוואס?

— ווייל איך בין א כלה! מיין חתן שלאפט איבער דער וואנד! אזוי ווי איצט — איז מיאוס!

— וואס ביזט א כלה?

— דו ווייסט דען נישט?

—ניין!

— זאנסט א ליגען, האסט היינט אלץ אויסגעפרעגט ביי מיין חתן!

— ביי דעם בחור'ל מיט דער לאנגער קאפאטע? כ'האב אויף מיין ווארט געמיינט אז ער שפאסט!

דאס בלוט האט ברוך'ן א שלאג געטהון אין די שלייפען. אלץ אין איהם האט געשריען אז איצט דארף מען עפעס טהון, און א רגע האט ער זיך דערמאנט, אז דאס העקעל מיט וועלכען ער

צייכענט האלבע קלאפטער ליגט אונטער'ן בעט, אז מים'ן הע־קעל דארף ער דעם סטודענט דעם מח צושפאלטען, זיך אבער נישט גערירט פון ארט,שארפער אנגעשפיצט די אויערען און זיך איינגעהערט וואס שרה'קע וועט איהם ענטפערען.

— דאס בחור'ל געפעלט דיר נישט? מיר געפעלט ער!

— כ'וויים נישט פארוואס דו בעליידינגסט זיך?

— ווער בעליידיגט זיך?

— דו!

— א גוטע נאכט!

שרה'קע!

— לאז מיך אפ! מיר זיינען נישט קיין פאר! פאהר מאר־גען אוועק, וועסט דיר אויסקלייבען א ווארשעווערין, מיך פאר־געסען — — — א גוטע נאכט!

— שרה'קע!

קיינער האט נישט געענטפערט. א פענסטער האט זיך צוגע־הטקט און ס'איז געווארען שטיל.

— שרה'קע — — — שרה'קע — — — איין ווארט, כ'בעט דיך!

דאס פענסטער האט זיך צוריק געעפענט. ברוך האט זיך אויסגעבויגען אין גאנצען, אויסגעזוכט א שיטערע צווייג, וואו די לבנה האט זיך דורכגעריסען א וועג און געזעהן ווי דער סטודענט איז געשטאנען ביי'ם פענסטער, געהאלטען אין זיינע הענד שרה'־קעס קאפ מיט די צופאטטעלטע האר. שרה'קע האט זיך א ריס געטהון, ווי זי וואלט געקראגען א ביס און צוגעהאקט דאס פענ־סטער אהן א גוטע נאכט.

עס איז געווארען שטיל. דער סטודענט איז נאך געשטאנען א ווייל'ע הינטער'ן פענסטער, זיך אויסגעגלייכט, שטיל גערופען שרה'קע נאמען, געזעהן אז קיינער ענטפערט נישט האט ער זיך געלאזט אן איינגעבויגענער איבער דער לאנקע.

ברוך איז געבליבען זיצען אויף'ן פענסטער, זיך געוואונדערט

פארוואס ער איז נישט אין כעס אויף שרה'קען און געפיהלט אז ער וואלט איצט איהר די טריט געקושט.

די לבנה איז געווארען פולער, געשטאנען איבער די ביימער אזוי נידעריג, אז מען האט נישט געקענט זעהן וואס ס'טהוט זיך צוויי טריט נאך איהר. דאס גאנצע הויז האט זיך געטונקט אין שיין, האט דער קאסירער וואס איז געשלאפען אין א דאך שטיבעל, נישט געקענט איינליגען, געוועזען בייז וואס ער קען נישט שלאפען, זיך געדרעהט, געהערט, דאכט זיך, קולות, דער אלטער בחור. אין איהם האט געשריען אז מען דארף נישט דערלאזען. וואס דערלא־זען? האט ער אליין נישט געוואוסט. ער האט לייכט געעפענט ס'פענסטער און זיך איינגעהערט.

— פארוואס שלאפסטו נישט?

— כ'קען עפעס נישט שלאפען — האט זיך ברוך פערלא־רען.

— זיצסט שוין לאנג דא?

— נור וואס — האט ברוך געענטפערט און געפיהלט ווי זיין קול ציטערט.

— מיר האט זיך געדאכט אז כ'האב אימיצען געזעהן ארומ־געהן הינטער'ן פענסטער.

כ'האב קיינעם נישט געזעהן.

— דאכט זיך אז דארט שטעהט אימיצער?

ברוך האט זיך איינגעקוקט:

— ס'שטעהט קיינער נישט, ס'איז אז איבערגעבראכען בייםעל.

— א שעהנע נאכט.

— זעהר א שעהנע.

— קום אריבער!

— וואוהין?

— צו מיר.

— ברייגע קען נאך הערען.

— ביזט א שרעקעדיגער — האט שרה'קע צונעלעגט ביידע הענד צום מויל אז איהר קול זאל גלייך געהן צו ברוך'ן — ווען מען בעפאלט מיך, וואלסטו געשטאנען און געקוקט, הא?...

— ווי דאכט זיך דיר? — האט ברוך זיך פערלוירען.

— טא האב נישט מורא! שפרינג ארויס דורכ'ן פענסטער, אט אזוי! איצט גיב א האנד! געדענקסט ווי כ'האב דיך גע־לערענט רייטען?

שרה'קע האט איהם געהאלפען ארויפקריכען אויף'ן פענסטער און ביידע זיינען שטיל פערשוואונדען אין פינסטערען צימער.

דער קאסירער איז געבליבען זיצען אויף'ן פענסטער, מיעד אראפגעלאזט דעם קאפ און זיך פערטראכט. די עטליכעביימער ארום הויז, וואס האבען אויסגעזעהן, ווי דער געדיכטער וואלד וואלט זיך דא אנגעהויבען, דער הימעל מיט די אנגעשאטענע שטערען, די שטילקייט וואס האט איינטאניג געזשומעט, אלץ האט איהם בערוהיגט און ער האט זיך ארומגעזעהן אז מעהר ווי א האלב לע־בען איז ביי איהם אוועק מיט גארנישט. ער האט פארגעסען אז ער געכטיגט ביי זיין בעל־בית, זיך דערמאנט אז מיט צוואנציג יאהר צוריק, איז ער פונקט אזא פארבענקטער געזעסען אין א פענסטער ביי זיך אין שטעדטעל און געזעהן ווי א פייערמאן פון דער „פאזשארנע קאמאנדע", האט זיך גע'גנב'ט צו מאנדען, זייער פויליש דינסט־מיידעל. ער האט אריינגעשטעקט די האנד אין זיינע שיטער האר, אנגעטאפט מיט די פינגער א גאלען פלאץ ווי א טעלעריל און אונבעוואוסט זיך דערמאנט אז ער האט שוין קיין איין באק־צאהן אין מויל. מיט צוואנציג יאהר צוריק איז פונקט געווען אזא אויסגעשטערענדער הימעל, אזא משוגענע נאכט. יונ־גע הערצער האבען פונקט אזוי געפלאטערט, קיין זאך האט זיך נישט געביטען, ער נאר האט אפגע'פטר'ט מעהר ווי א האלב לע־בען מיט גארנישט. ער איז געווען זיכער אז מיט צוואנציג יאהר שפעטער, ווען ער וועט שוין מסתמא נישט לעבען, וועט זיצען אויף דעם זעלבען פענסטער א צווייטער און טראכטען דאס זעל־

בע. דער אלטער בחור האט צו קיינעם קיין תרעומות נישט גע־
האט, געוואוסט אז ס'איז נאריש זיך צו קלאגנז, זיך נישט אומ־
געקוקט ווען ער האט געהערט ווי עמיצער איז ארויסגעשפרונגען
דורך א פענסטער, בלויז געפיהלט אז מיט מענשען ווערט בעגאנגען
א גרויסע עולה.

## — 10 —

### שרה׳קעס התונה.

פון האלב פוילען האבען געהאלטען אין איין אנקומען מחותנים אויף שרה׳קע חתונה. צעהן פאר פערד האבען זיך גע־טראגען פאר די לעצטע עטליכע טעג איבער די זאמדיגע וועגען וואס האבען געפיהרט צו מרדכי׳ן. און וואס א ברימשקע האט זיך אפגעשטעלט ביי דער ווערענדע, זיינען ארויס קרובים מיט וועלכע מרדכי האט זיך נור געזעהן ביי א שמחה. דאס הויז, די שייערען, אלץ האט מען אויסגעליידיגט פאר די געסט און א טאג פאר דער חתונה איז שוין געווען אזוי ענג, אז העלפט פון דעם עולם זיינען געשלאפען אין די „סאפעס" פון ברעטער וואס מען האט אויפגעשטעלט אויף׳ן הויף. מיט די נעהענטערע קרובים, וואס האבען געוואוינט ארום זיינען מיטגעקומען די רבנים און כלי־זמרים פון די שטעדטלעך — האט מען שוין עטליכע טעג פאר דער חתונה געשפיעלט אין די צימערען, אין די שייערען, אין וואלד.

דעם טאג פון דער חתונה זיינען פאר׳ן הויז געווען געגרייט טישען און דאס פישער־פאלק, מרדכי׳ס שכנים, זיינען געזעסען מיט זייערע ווייבער, געגעסען און געטרונקען.

מרדכי, אין א זיידענעם שלאפראק, איז געגאנגען צווישען די טישען, געזעהן זיינע שכנים זאל׳ן עסען און אז ס׳פישער פאלק האט גענומען שרייען מען זאל איהם ארויספיהרען די כלה, איז מרדכי א צופרידענער אריין אין שטוב:

— שרה׳קעלע! שרה׳קעלע!

— וואס איז

מרדכי האט ארויפגעלעגט זיין ברייטע, פאטערליכע האנט אויף שרה'קעס קאפ, איהר געגלעט די האר:

— טאכטער, געה ארויס צו די פישערס, זיי ווילען דורכ־אוים זאלסט טרינקען מיט זיי! טהו זיי צוליעב, ס'פיהרט זיך אזוי.

אז די פישערס האבען דערזעהען שרה'קען, זיינען אלע אויפ־געשפרונגען פון די פלעצער און מיט א „וויוואט נארזשעטשאנא", האבען טייל געהויבען גלעזער ביער, אנדערע פלעשער, און ס'האט נישט אויסגעזעהן זיי זאלען זיך האבען צונויפגענומען אויף א אידישע חתונה. נור ווי זיי וואלטען נור וואס אויסגעקליעבען דעם עלטסטען פישער פאר א „וואיט" איבער דער גמינע.

שרה'קע איז געווען גלייכגילטיג, נעטהון יעדע זאך, וואס מען האט איהר געהייסען און געהאט דאס געפיהל, אז ווען דער פאטער מאכט זי חתונה פאר א קאליקע, וואלט זי א ווארט נישט גע־רעדט און געגאנגען צו דער חופה. זי האט זיך פאר די לעצטע עטליכע וואכען געפיהלט זעהר מיעד. כמעט קיינעם נישט געזעהן און פיעל מאל, אז זי האט זיך דערמאנט אן וולאדעק'ן, האט זי לאנג געטראכט צי דאס האט מיט איהר פאסירט, צי זי האט עס געלייענט אין א ביכעל. איצט אז זי איז ארויס צו די פישערס איז זי געבליבען זיצען צווישען זיי. פארגעסען, אז די נייטאריו מיט די ארויסהעלפערינס ווארטען אויף איהר אין שטוב. אז די פריזירערין גליהט די „רורקעס" וויל זי אויפקעמען, נישט געדענקט צעהנדליגע אנדערע זאכען איבער וועלכע יעדע כלה ציטערט.

אויף'ן הויף האט זיך געטומעלט. בריטשקעס זיינען אנגע־קומען, אפגעפאהרען. אלטע רבנים אין שטריימלעך זיינען גע־שטאנען אין א קופקע, זיך איינגעהערט צו א זקן, מיט א קלוג, איידעל פנים, וואו פון יעדען קנייטש האט ארויסגעשמייכעלט — אין כל חדש תחת השמש. חסידים אין אטלעסענע קאפאטעס האָ־בען שפאצירט שורות־ווייז. די גראבע פינגער אין די גארטלען, די קעפ פעררויסען. און ווען נישט די יונגע לייט מיט די מיידלעך וואס זיינען געזעסען אין די ווינקלען, וואלט מען געקענט מיינען,

אז דאס זיינען זיך חסידים צונויפגעקומען אויף ימים נוראים צום רבין.

אז עלטערער חסיד, מיט א ברייטען, סאמעטענעם קאשקעט איבער'ן אויער איז צו צו א קופקע יונגע־לייט, זיי געוויזען, אז ס'קליינע מקוה'לע, וואס מען האט קוים ארויסגעזעהן פון צווישען די צוצווייגטע נים־ביימער, הייצט זיך שוין. די יונגע לייט האבען זיך איינגעקוקט, געזעהן ווי שנירלער רויך ציהען זיך פון די צווייגען, ווערען דינער, ווי צודריוועלטע שטיקלאך וואלקען, זיך איבערגעקוקט מיט א וואוילערישען שמייכעל. דער חסיד מיט'ן קאשקעט האט עפעס איינגערוימט א יונגענמאן, אז אלע האבען געהערט. און אז דער עולם האט זיך הארציג צולאכט, האט ער אריינגעלאזט א גראבען פינגער איז נארטעל, אראפגעלאזט דעם קאפ און א צופריעדענער געשמייכעלט:

— עה, איך מאך אז הלצה און איהר? — — נישט שעהן! ווי שטעהט דארט: „הכל יודעים למה כלה נכנסה לחופה...“ דעריבער?

די יונגע לייט האבען נאך הארציגער געלאכט און פארלערוויזט זיך גענומען דרעהען ארום דער מקוה'לע.

ברייגע מיט אן אריבערגעווארפען פארטוך מען זאל דאס אלטע לייב נישט ארויסזעהן איז ארוים פון קיך א צופלאמטע, זי האט גענומען קוקען איז אלע זייטען, געזוכט און געשריען:

— שרה'קע! מען דארף דיך, שרה'קע! וואו ביזטו?

שרה'קע איז איהר אנטקעגען געקומען.

— נו פרענ איך דיך — די נייטארין ווארט מיט'ן חופה קלייד און דו האסט געפונען א צייט צו שמועסען?

— די פריזירערין וועט מיר טאקע אפשערען די האר? — איז שרה'קע איהר אריין אין דער מיט.

— די שניידערין האלט דיך איז איין ארומזוכען, וויל דאס קלייד אנפאסען אויף דיר און דו — — —

— דאס וועט איהר נישט פועלן ביי מיר! — האט שרה'קע

גע׳טעה׳עט איהרם — כ׳וועל דאך אויסזעהן ווי אן אויסגעקראַ־
כענע קאַץ!

— און רו לאָזט זי מיט אַ פול מויל שפּילקעס און אָנמ־
לויפסט! צייט, צייט שרה׳קע צו ווערען אַ שטיקעל מענש!

— וואו איז זי, די פריזירערין? אין סיך?

— אז דו הערסט זיך ניט צומאָל נישט אײַז ווּאָס כ׳רעד! —
האָט ברײנע זיך אָפּגעשטעלט און צושפּרייט די הענד.

— ווער הערט זיך נישט איין? — האָט שרה׳קע אַ שמייכעל
געטהון — דו רעדסט וועגען חופה־קלייד.

— געהמט נישט פאַר אומגוט, פריילין — האָט אַ מיידעל, אַז
אַרויסהעלפעריז, מיט דרימען פאַדעם איבער׳ן גאַנצען קלייד, אָננע־
ריהרט שרה׳קען פאַר אַן אַרבעל — די שניידערין דאַרף איהנען!

— אה — האָט שרה׳קע זיך אַ כאַפּ געטהון — כ׳נעה שוין!

— טאַ געה שוין, געה! — האָט ברײנע זי נעטריבען פון
זיך.

אויף׳ן הויף איז געוואָרען אַלץ טומעלדיגער. די מחותנים
זיינען געלאָפען פון איין ווינקעל צום צווייטען, זיך געהיצט און
פון אַלע זייטען האָט זיך בלויז געהערט:

— ווען ועט מען שוין געהן מקבל פנים זיין דעם חתן?
די פישערס האָבען געהאַלטען אין איין ברײנגען זייערע ווע־
געלעך, דער עולם זאָל האָבען אין וואָס אַנטקעגען צו פאָהרען דעם
חתן. די געזעסען פון פרישע בונטען שטרוי, צוגעדעקט מיט
געשטרייפטע פּלאַכטעס, אַלץ האָט אויסגעזעהן ווי די פישערס
וואָלטען זיך געקליעבען אין „קאַשטשאָל“ אַריין.

מיטאָג־צייט איז אַריין אין הויף אַ שטאַפּעט און איידער ער
האָט אָפּגעאָטהעמט האָט דער עולם איהם אַזוי אַרומגערינגעלט, אַז
ער האָט נישט געקענט אַראָפּ פון פערד.

— וואָס הערט זיך יוס׳ל? דער חתן פאָהרט?

— מיר דאַרפען שוין אַנטקעגען פאָהרען! — האָט יוס׳ל זיך
ווייש געטהון איבער׳ן פנים און איבערגעלאָזט דאָרט זיינע

פינף פינגער — אבער באלד! איך האב זיי געלאזט ביי דער אל־שיגע.

— מחותנים, מחותנים! מקבל פנים זיין דעם חתן! — האט זיך געהערט פון אלע זייטען.

— אין די פאדערשטע בריטשקעס די רבנים!

— וואו זיינען די רייטער?

— דער אמת׳ער מחותן, וואו איז? ר׳מרדכי מיין איד!

— נישט געשטופט, נישט געשטופט!

— אט קומען זיי!

— אמת׳ע טערקען!

פון אלע זייטען הויף האבען זיך גענומען בעווייזען בחורים, איבערגעטהוענע ווי טערקען. אויף צוגאווע פערד, ביים ארוים־פאהר פון הויף איז אויסגעוואקסען א פאהן — דגל מחנה יהודה.

די רייטערס האבען זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטען פאהן אין צוויי לאנגע שורות און דעם חתן׳ס מקבל פנים זיין האט זיך אנגעהויבען.

א פריהער אין בריטשקעס זיינען געפאהרען רבנים אין שווע־רע שטריימלעך, דערנאך מחותנים משפחה־ווייז. אז די בריטש־קעס זיינען ארייין אין וואלד, האבען די כלי זמרים א הויב געטהון די בויגענס און איבער׳ן וואלד האט זיך צושאטען א פרעהליכעס. די אנטרייבער זיינען געווארען לעבעדיג, גענומען יאגען די פערד איבער׳ן ברייטען, זאמדיגען וועג, האבען די פישער־וועגעלעך אי־בערגעיאגט די בריטשקעס, זיך באלד פערלוירען אין די וואלקענס שטויב וואס האבען זיך געלעגט איבער׳ן וואלד.

דאס יונג־ווארג אויף די פערד האבען זיך צושאטען און יע־־ער איז נאכגעריטען א וואגען וואו זיינס א בעקאנטע מיידעל איז געזעסען.

— א שעהנער חתן? — האט א מיידעל אויסגעדרעהט דעם קאפ צום רייטער און צוגעלעגט די האנד צום מויל די שטימע זאל זיך נישט פערלירען.

— אבי די כלה איז שעהן! — האט דער רייטער גענענט־

פערט, א טרייב געטהון ס'פערד אויף'ן וואגנו, אז ס'מיידעל האט מיט א קווימש זיך אויסגעבויגענו, אויסצומיידען דעם פערד'ס מאַרדע.

— איהר פארהט דאך אויף מיר ארויף — האט ס'מיידעל אויף איהם אנגעשטעלט א פאר אויגען, אז ס'איהם ווארעם גע־ווארען.

— האט נישט מורא — האט דער רייטער זיך אויסגעגלייכט מיט'ן וואגען.

פון שטויב האט זיך געהערט:

— כאַטש, כאַטש, כא—טש: גולה וסורה — — — !

— פאַרט, פאַרט, פא—ארט: דמתה ל—תמר — — — !

די פערד האבען זיך געטראגען גיכער, די אנטרייבער אויס־געבויגענע ווי זיי וואלטען געהאלפען שלעפען, האבען מיט אלע כוחות געוואלט איבעריאגען איינער דעם צווייטען און די כלי זמרים, ווי זיי וואלטען געווען צושאטען איבער אלע עקען וואלר האבען מיט אמאל א הויב געטהון די בוינענס און אלץ ארום האט זיך צוזונגען:

— און ווייעדער א מעלה, און אבער א מעלה — — — !

מיט אמאל האט מען אנגעהויבען אפשטעלען די פערד און איידער מען איז נאך געוואהר געווארען וואס עס האט פאסירט, האט מען שוין דערהערט:

— דרעהט אוים, דרעהט אוים, מאכט פלאץ פאר'ן חתן!

די ברימשקעס, די וועגעלעך האבען זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטען וועג, דורכגעלאזט דעם חתן'ס קאטש ארומגערינ־געלט מיט די בחורים אויף די פערד. די גאנצע צייט וואס די קאטש איז פערבייגעפאהרען האבען די כלי זמרים געשפיעלט א „דושען דאברי" און די לופט איז פול געווען מיט: „ברוך הבא, חתן, ברוך הבא! "...

— אז נאט העלפט און מען קען חתונה מאכען אזוי א קינד, איז זיך נישטא וואס צו שעמען — האט א ווייטער קרוב זיך אנגע־רופען.

— אז ר׳ דוד׳ל ז״ל האט חתונה געמאכט די אינגסטע טאכ־טער, זיינען אויך רייטערס געפאהרען מקבל פנים זיין דעם חתן — האט אן עלטערער חסיד געקנייטשט דעם שטערען, ווי ער וואלט זיך געוואלט עפעס דערמאנען — דארט זיינען נאך געווען מעהר פעהנער! ס׳איז געווען: דגל מחנה אפרים, דגל מחנה — —

— ס׳איז א רבי׳שער מנהג — האט א דריטער איבערגעריי־סען — אין טשארטקאוו, זאגט מען, אז ס׳איז א חתונה פיהרט מען זיך קיסר׳לער! נאך דער חופה פאהרען חתן־כלה אין א קאטש מיט גאלדענע האנטאבען, קיין עין הרע, אן עשירות דארט!

— פוילישע רביים פיהרען נישט אזא שטאאט! — האט דער קרוב א שמיץ געטהון דאס פערדעל און געוואלט אויסדרעהען.

א ברימשקע איז אנגעלאפען, פארטשעפעט ס׳וועגעלע. עס שיער ניט איבערגעדרעהט און ביידע אנטרייבער האבען זיך אנגע־קוקט ווי העהנער.

— וואס האט איהר זיך געשטעלט שמועסען אין מיטען וועג?

— מיר האבען צייט!

— יא צייט, נישט צייט, אבער אנטרייבען דארף מען קענען!

— מיר קענען!

— עסען, פעטער!

— דאס דארף מען אויך קענען — האט דער קרוב גלייכגילטיג גענטפערט און ס׳האט אויסגעזעהן, אז דאס וואס דער וואגען מיט דער ברימשקע האבען זיך פארטשעפעט, אארט איהם נישט.

— וואס איז דאס? — איז אנגעקומען נאך א וועגעלע.

— וואס האבען זיי פאר שטעלט דעם וועג?

— העה, דו נעהם רעכטס!

— גיב א יאג ס׳פערדיל!

דער אנטרייבער פון דער ברימשקע האט געזעהן, אז ער וועט מיט דעם איך גארנישט מאכען, האט ער א ציה געטהון די ליי־טשען און די ברימשקע האט זיך א רוק געטהון אויף צוריק.

די וועגעלער מיט די ברימשקעס האבען זיך ווידער געיאגט איבער׳ן זאמדיגען וועג, געוואלט איינער דעם צווייטען איבעריא־

נען. ס'איז געווען שטיל, בלויז די שפיצען פון די בוימער האבען זיך בעוואוינגען, און א פארשטיקט געוויש, ווי ס'וואלט געקומען דורך פארקוועטשטע ציינער, האט זיך געהערט פון וואלד.

דאס געוויש איז געווארען טעמפער, ווי דער שטויב ארום וואלט עס ניִשט דורכגעלאזט.

---

ברוך איז געזעסען מיט'ן רב, מיט זיין גמרא מלמד, געטאכט א מינע, ווי ער וואלט זיך איינגעהערט, וואס זיי ריידען און גאר נישט פארשטאנען. וואס געהנטער די פערד זיינען צוגעקומען צום וואלד, אלץ אפגעהאקטער איז זיין אטהעם געווארען, די קניע האבען אנגעהויבען צו ציטערען פון פרייד. די משא וואס איז גע־לעגען איבער איהם, האט ביסלעכווייז אנגעהויבען נאכצולאזען און ער האט דערפיהלט, אז קיין זאך וועט ניט זיין פאר איהם צו שווער צוליעב שרה'קען. לאז ער נור איבערקומען די חתונה. דאס איז ביי איהם געווען דאס שרעקליכסטע. דאס בארעקענס, די חופה, די גאלדענע יויך, דאס מצוה־טענציל און — — — ער האט ווייטער נישט געוואלט טראכטען, בלויז געפיהלט, אז ער וועט עס שוין איבערקומען, האבען דאך חתונה א וועלט מיט מענשען. זיי־נע איינענע ענטפערס האבען איהם נישט בעפריעדיגט, ווי שרה'קע וואלט געווען עפעס אנדערש, ווי מען וואלט זי ניט געקענט פער־גלייכען מיט אנדערע כלות. נו, טאקע? זי איז כמעט מיט איהם ברוגז, זיך כמעט נישט געזעגענט מיט איהם ווען ער איז אוועק־געפאהרען, און דא מיר נישט, דיר נישט, וועט מען זיי איבער־לאזען אליין — — אזוי דארף נישט זיין! ניין! גלייך ווי זיי וועלען קומען אין הויף אריין געהט ער זי איבערבעטען. מען וועט איהם נישט צולאזען? פאר'ן בארעקענס זעהען זיך נישט חתן־כלה? די פרייד האט אנגעהויבען צו פארשווינדען און די משא וואס האט נור וואס נאכגעלאזט, האט איהם ווידער געד־רוקט און פון פערדרוס און וועהטאג האט ער אויש פערמאכט די אויגען.

די פערד זיינען אריין אין קיהלען וואלד, זיך צוהירזשעט, ווי זיי וואלטען א קאלטען טרונק וואסער געטהון, געשמיסען מיט די עקען און אפגעווארפען מיט קאפיטעס שטיקער ווייכע ערד מיט מאר.

ס'איז געווארען קיהלער. פון ביידע זייטען וועג האט זיך געצויגען אן אלטער, געדיכטער וואלד. די ביימער זיינען געווען אזוי צוזאמעקסען, אז די צווייגען פון ביידע זייטען וועג, האבען זיך אזש אנגעריהרט, נישט צונעלאזט די זון און זיך געפלאכטען איבער'ן וואלד, ווי א געוועלב. די זון האט זיך ערטערווייז פער־גנב'עט, זיך דורכגעבראכען א וועג און טיעף אין וואלד האבען זילבערנע ויילען פליגעלער זיך געוויעגט, זיך אויפגעהויבען אי־בער די ביימער. ס'איז געווען שטיל. ווען נישט ווען האט זיך א פויגעל צופייפט. און איידער ברוך האט ציים געהאט עפעס איבערצוטראכטען איז די קאטש אריין אין הויף.

טייבער זיינען אנטקעגנע געקומען מיט לעקער און בראנפען און איידער וואס ווען האט מען א כאפ געטהון ברוך'ן אונטערן ארעם און איהם געפיהרט וואו דעם חתן'ס צד איז איינגעשטאנען. פארבייגעהענדיג די ווערענדע האט ברוך א צאפעל געטהון — שרה'קע איז געשטאנען אין פענסטער.

---

מען האט חתן־כלה איבערגעלאזט אליין ביי א סערווירטען טיש. ברוך האט זי אנגעריהרט מיט א פינגער ביים ארבעל, ווי ער וואלט מורא געהאט זי וועט נים הערען, און הויך א זאג גע־טהון:

— מזל טוב, שרה'קעלע!

— מזל טוב — האט שרה'קע זיך צולאכט און אפגעאטהעמט, ווי זי וואלט געווען צופריעדען וואס מען האט זי אויף א ווייל געלאזט אליין.

— ווי איז דיר געגאנגען דער תענית? — האט ברוך א גליק־ליכער געשמייכעלט און איהר אונטערגעטראגען א טעלעריל איינ־געמאכטס מיט טארט — נא, ביים איבער!

שרה'קע אין איהר ווייס־זיידענע חופה־קלייד, וואס האט לויז געהאנגען פון די אקסלען און זי געמאכט אויסזעהן בויגיגער און העכער, די לאנגע, ברייטע וואואל נאכלעסיג פערוואָרפען אַרום דעם ווייסען אויסגעבויגענעם האלז און די גירלאנדע פון בלעטער אויף'ן שווארצען קאפ האר. אלץ האט איהר צוגעגעבען אַזאַ רייכ־קייט, אַז יעדער, ווער עס האט זי נאר געזעהן, אפילו אידען זקנים האבען זיך אפגעשטעלט, ווי אין די אלטע אויסגעריבענע מוחות וואלט עפעס אויפגעבליצט און פערגאפטע זי אנגעקוקט. זי איז אין איהרע חופה־קליידער ווי עלטער און רייפער געוואָרען און ברוך האט געבען איהר אויסגעזעהן ווי אַן אינגעל וואס וויל אויס־זעהן עלטער, טוט ער אן דעם פאטער'ס קאפאטע און שטריימעל.

שרה'קע איז דעם גאנצען אבענד געווען אַזוי גלייכגילטיג, ווי גיט זי וואלט חתונה געהאט, נור איהר'ס עפעס אַ גאהנטע קרובה. ווער עס האט זי גערופען טאנצען, איז זי געגאנגען, אז די מחותנת'טע, ברוך'ס מאמע, האט איהר אַזש אויסגערעדט, האט פאר אַ כלה פאסט ניט אַזוי פיעל צו טאנצען. פאר'ן בעדעקענס, ווען דער בדחן האט זי גענומען בעזינגען און די ווייבער האבען זיך צעוויינט, האט שרה'קע זיך אַזוי צולאכט, אַז ברוינע האט איהר געמוזט פערמאכען ס'מויל מיט אַ טיכעל. און אַז ברוך איז אריינגעקומען מיט צוויי רבנים בעדעקען די כלה, האט שרה'קע איהם בעגריסט און געגעבען די האנד:

— ווי געפעלט דיר עפעס די כלה?

ברוך האט זיך פערלוירען, ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען, און ווען ניט די רבנים, וואס האבען איהם גלייך אַ כאפ געטהאן אונטער די אָרעמס, ווייס איין גאט וואו ער וואלט זיך פון בושה אהינגעטהון.

ער האט זיך זעהר געשראקען שרה'קע זאל עפעס נישט אפ־טהון אונטער דער חופה, געשטאנען מיט פארשטעלטע אויגען, נישט געהערט ווי דער רב האט געלייענט די כתובה, בלויז גע־דענקט ווי זיין קול האט געציטערט ביים „הרי את“, זיך פער־פלאנטערט, אַז די ארומיגע האבען איהם געמוזט ארויסהעלפען.

ער האט זיך געפיהלט אזוי קליין און נישטיג אין שרה'קעס גע־גענווארט, געליטען וואס ער איז אזוי פיזיש שוואך, נישט גע־הערט די ברכה איבער'ן וויין, זיך זעהר געשראקען, אז ער וועט דאס גלעזיל נישט קענען צוברעכען און געווען זיכער אז באלד וועט זיך אזא זאך אפשפיעלען, וואס קיינעם פון די ארומיגע הויבט זיך נישט אז צו חלום'ען. ער האט מיט'ן גאנצען כח אראפ־געלאזט דעם פוס אויף'ן גלעזעל, אז די שטיקלער האבען זיך צר־שפריצט אין אלע זייטען, זיך עטוואס בערוהיגט און נישט באַ־מערקט ווי די יונגע־לייט האבען געשמייכעלט.

שרה'קע האט זיך געלאזט ארומדרעהען זיעבען מאל ארום דעם חתן, געבליעבען שטעהן א גלייכגילטיגע, געקוקט יעדען אין די אויגען, געפאלגט וואס מען האט איהר געהייסען און אז די מוהמע ניטעל האט איהר פארשטעלט די אויגען מיט א טיכעל, האט זי זיך פערדרויטעלט און געהאט דאס געפיהל ווי מען וואלט זי פאר אלעמען אין די אויגען גענומען אויסטהון א נאקעטע. די גאנצע צערעמאניע האט ביי איהר אויסגעזעהן ווילד, אז אפסר־מעניש, נים פערשטאנען ווי ר'נאך אז איינענער טאטע קען זי צונויפפארען מיט א מענשען, וואס איז איהר פרעמד און אליין נישט געוואוסט פאר וואס עס האט זיך איהר א פאר מאל אויס־געדאכט, אז צווישען עולם איז דא וולאדעק. ווען וולאדעק וואלט געקומען וואלט זי גלייך פון אונטער דער חופה, אנטלאפען. ט טאקע, ברוך איז דאך איהר אזוי פרעמד! דאס קדושין פינגע־ריל, וואס ער האט איהר נאך וואס אנגעטהון, קען זי יעדע רגע אויסטהון און זי איז צוריק פריי.

די כלי זמרים האבען א כאפ געטהון די פיעדלען צו די גאס־בעם און א פרעהליכם האט זיך צושאטען איבער'ן הויף. פון אלע זייטען האט זיך געהערט — מזל־טוב, כלה! מזל־טוב!

שרה'קע האט נישט געוואוסט מיט וועמען זי קושט זיך, מע־כאניש זיך געבויגען און יעדע ווילע געפיהלט אויף'ן מויל, אויף די באקען א פאר אנדערע ליפען. זי האט דערהערט א בעקאנטע שטימע, זיך אויסגעדרעהט, געווען זיכער, אז דאס איז וולאדעק'ס.

זי האט זיך ארומגעקוקט — איהם נישט געזעהן. די מחותנת.טעם האבען זי גענומען אונטער'ן ארעם און מיט געזאנג און טענץ זי גע־פיהרט אין שטוב אריין.

שרה'קע האט זיך אומגעקוקט, ווי זי וואלט איצט ערשט אוים־געפונען אז זי געפינט זיך מיט ברוך'ן אליין און זיך געוואונדערט וואס דא קומט פאר.

די טהיר האט זיך לייכט געפענט און א קוסט מיט ווייסע רויזען, אויסגעריסען מיט די ווארצלען האבען זיך געזעהן. פון די רויזען האט א ווייך קול זי בעגריסט:

— מזל־טוב!

שרה'קע האט זיך איינגעקוקט, דערזעהן וולאדעקס שוועסטער און איהר אנטקעגען געגאנגען. זיי האבען זיך לאנג צוקושט.

— וואס עפעס אזוי שפעט? — האט זי שרה'קע געפרעגט און איהר גענומען אויסטהון דעם שאל, פערשטויבט פון וועג.

— כ'בין געקומען פונקט צו דער חופה.

— אליין?

זי האט באלד נישט געענטפערט און אראפגענומען דעם זייד־רענעם שאל:

— יא — — — איך אליין.

— א דאנק פאר די בלומען — האט שרה'קע א שאקעל גע־טהון מיט'ן קוסט רויזען — די שעהנסטע בלומען וואס כ'האב היינט נעקראגען...

— וולאדעק האט זיי נור וואס אפגעריסען...

— וואס, ער איז נישט צוריקגעפאהרען נאך ווארשא?

ער דארף די טעג פאהרען.

די מחותנים האבען איבערגעריסען דעם שמועס, אנגעהויבען צו כאפען „שירים", פערזוכט די „גאלדענע יויך" און אריינ־געפיהרט חתן־כלה צו די געגרייטע טישען.

שפעט אין אבענד נאכ'ן עסען האט מען צונומען די טישען. באזעצט חתן־כלה און דער מצוה־טאנץ האט זיך אנגעהויבען.

דער עולם איז שוין געווען מיעדלאך פון טאנצען, פון לאַ

כען, מען האט זיך שוין מעהר נישט איינגעהערט צו די הייזעריגע ברחנים, צו די דורכגעוויי־קטע כלי־זמרים, מען האט זיך געהאלטען אין איין: רוקען צו די אפענע פענסטער, צו די אויפגעפראלטע טיהרען, וואו א ווינטעל איז יעדע ווײלע אנגעקומען פון די לאנקעס, פון וואסער.

בלויז עטליכע פעטערס האבען זיך נאך געפלאנטערט קופקעס־ווייז און ווי א פייעריל וואס האלט ביים אויסגעהן, טהוט זיך א צופלאקער, אזוי האבען די פעטערס יעדע ווײלע זיך צוטאנצט ווילד, קלאפענדיג מיט די אפצאסען, ארייגעכאפט ווער עס איז נור אונטערגעקומען אונטער די הענד, האט עס געמענט זיין א באבע, א ווייבעל, אפילו א מיידעל און דער ארומיגער עולם האט זיך נעשטיקט פון געלעכטער.

שרה'קע מיט די גירלאנדע ארום די שווארצע האר, מיט די אויגען וואס האבען געקוקט אידיש צוריקגעהאלטען, מיט דעם קוסט ווייסע רויזען, אויסגעריסען מיט די ווארצלען אויף דער האנד האט אויסגעזעהן ווי א פערבלאנזשעטע "וואלד־ליעבע" און וואס שפעטער אין דער נאכט אריין, אלץ שעהנער איז זי גע־ווארען.

דעם עלטסטען רב, א גראהען זקן, האט מען מכבד געווען מיט'ן ערשטען רקוד. ער האט ארויסגעשלעפט א קאלירטע פא־טשיילע, זיך נעטרייסעלט און זיין גראהע שיטער בערדיל האט גע־ציטערט.

שרה'קע איז איהם אנטקעגען נעגאנגען. דעם קאפ פערריסען, פון דער גירלאנדע האט ארויסגעקוקט א ווייסע רויז, די אויגען ווייך און פערפיהרענד און אין גאנצען האט זי אויסגעזעהן ווי ס'וואלט איהר הנאה געטהון וואס דעם ערשטען טאנץ געהט זי מיט א זיבעציג־יעהריגען זקן.

דער אלטער רב איז לעבעדיגער געווארען, דערמאנט אז אזוי דארף אויסזעהן אן אראבישער „שייך", ווען ער געהט אין הא־רעם אריין ס'ערשטע מאל אנקוקען זיין אינגסטע ווייב. וואס ער האט זיך איינגעהאנדעלט פאר שווערע געלד. דער רב האט פעו־

קוועטשט איין אויג, מיט'ן צווייטען האט ער פון א זייט גע־קוקט אויף שרה'קען, וואוילעריש פארנאנדערגעווארפען זיין קאַ־לירטען שניץ־טוך, האט זי מיט א בויג אנגעכאפט פאר א שפיץ און דער טאנץ האט זיך אנגעהויבען.

דער אלטער האט עטוואס פערבויגען זיין זיידענע קאפאטע צוגעקלאפט מיט איין פוס, דעם אנדערען נאכגעשארט צום טאקט דער פידעל און ס'האט אויסגעזעהן, אז ער וויל געפעלען דער כלה. שרה'קע האט זיך אין גאנצען פערגעסען, גערייצט מיט איהרע פלייצעס, מיט'ן בויגיגען קאפ האר, וואו די גרינע בלעטער פון דער נירלאנדע, די צופאטעלטע לעפלער פון דער רויז, וואס זיינען געפאלען איבער די אקסלען. האבען איהר צוגעגעבען די פריש־קייט פון די וועלדער. זי איז איבערגעגאנגען פון איין רב צום צווייטען און די גלייכגילטיגע אידען, טרוקענע ווי אלטע פאר־מענט, זיינען אויפגערוימטער געווארען און א פערבארנענע שעהנ־קייט האט דורכגעגעסען דעם זשאווער פון יאהרען און זיך צולעגט איבער זייערע בעוואקסענע פנים'ער. כמעט אלע אנריהרענדיג דאס טיכעל, זיינען ווי דורך א כשוף, אינגער געווארען.

שרה'קע האט ס'ערשטע מאל אין איהר לעבען דערפיהלט אז אלעמענ'ס אויגען פון יונג און אלט ווארטען אויף איהרס א בליק איז זי געווארען קאפריזנער און שעהנער, געפיהלט ווי זי הויבט זיך איבער אלעמענס קעפ, וואקסט און וואלט צו יעדער צייט געקענט שפיעלען די ראלעי פון שבתי־צבי'ס שרה, וואס האט מיט איהרע אויגען און האר פערפיהרט א וועלט מיט אידען לומדים.

דער עולם איז נישט איינגעשטאנען. דער איינפאכער טאנץ האט אוועקגענומען די מיעדקייט, געמאכט די פיס לייכטער הא־בען די יונגע־לייט זיך געשארט צו די ווייבער, געווארען אויפ־גערוימטער, מיטגעטאנצט און קוקענדיג אויף שרה'קען האבען די פארלאד זיך איינציגווייז ארויסגעשארט, זיך בעזעצט איבער'ן הויף, אין וואלד.

דער מצוה־טאנץ איז אנגעגאנגען ביז א שטיק אין דער נאכט,

נעמאכט פון אלט יונג, פון יונג פערשיים און קיינעם איז נישט איינגעפאלען, אז די אלטע רבנים וואס האבען צעהנדליג הונדער־טער יאהרען איבערגעגעבען פון טאטע צום זוהן אז „קול באשה ערוה", געפייניגט דעם קערפער, די זעלבע אידען האבען נאך ביי היינטיגע צייטען נעקענט האבען אזא טאנץ.

---

שרהקע האט אראפגעווארפען פון קאפ די גירלאנדע, אויס־געטהון דאס חופה־קלייד, וואס איז געבליבען ליגען ארום איהרע פיס ווי א בייגעל, עטליכע מאל זיך דורגעגאנגען איבער'ן פינ־סטערען צימער, וואוהין מען האט זי אריינגעלאזט און געפיהלט, אז עס פעהלט איהר אטהעם. זי האט געעפענט ס'פענסטער. א שארפער ריח פון פריש געשניטען גראז האט איהר א שלאג געטהון אין פנים אריין. צווישען די ביימער האבען צווייגלעך געקנאקט. זי האט זיך איינגעהערט, דורכגענומען מיט שרעק און נייגעריג־קייט, געזעהן ווי אימיצער בעוועגט זיך צווישען די בוימער, איהם דערקענט. פארגעסען אז ברוך קען יעדע מינוט אריינקומען, גע־מאכט מיט דער האנד ער זאל זי דערזעהן. קיינער האט זיך נישט בעוויזען. ס'איז געווען אן ארומגעהאקטער ביים. פון פער־דרום האט זי גענומען רייסען די ווייסע ראזען. כמעט נישט גע־פיהלט ווי די שטעכערם בלוטיגען די פינגער, געריסען די לעפלעך, זיי צוקוועטשט און שפרייזענדיג צושאטען איבער דער פארלאגע. זי איז געבליבען שטעהן ביים געבעטען בעט. וואס איז אזש גע־ווען קיהל פון פרישקייט און זיך דערמאנט אז איהר'ם א שוועס־טער קינד וועמען מיידלער־קרובות האבען אויף דער נאכט פון דער חתונה אפגעטהון א שפיצעל און אריינגעלעגט אין בעט אריין א ליאלקע גרוים ווי א מענש. זי האט א שאר געטהון מיט דער האנד איבער'ן בעט און זיך הארציג צולאכט.

א מיעדע האט זי אראפגעווארפען די קליידער און דאס בעט האט אונטער איהר א קרעכץ געטהון.

ברוך איז אריין. ער איז געבליבען שטעהן ביי דער טהיר ווי אן אורח, וואס קומט בעטען א נדבה,ווארט מען זאל איהם צורו־

פעז און פרעגן וואס ער וויל. שרה'קע האט איהם נישט נע־
רופען. זי איז געווען ביין אויף זיך פארוואס זי רופט איהם
נישט, געפיהלט ווי די ווערטער שטעהען ביי איהר אויף דער
צונג, די קלענסטע אנשטרענגונג און ער שטעהט נעבען איהר
און אין דער זעלבער צייט האט איהר פערדראסען פארוואס ער
איז אזוי שעמעוודיג, אז א מאן וואס קען אליין נישט נעהמען
וואס ס'קומט איהם, — דארף זי איהם נישט.

— שלאפסט, שרה'קע ?

זי האט געזשמורעט מיט די אויגען, ווי זי וואלט מיט אן אמת
אויפגעקומען פון שלאף, איהם מאדנע אנגעקוקט, ווי זי וואלט
זיך נע'חידוש'ט וואס ער טהוט דא, געוואלט זאגען ער זאל זיך
זעצען און אפגעהאקט א פרעג געטהון:

— ווילסט עפעס ?

דער ענטפער האט ברוד'ן אפגענאסען מיט אזא קאלטקייט, אז
ער האט נישט געוואוסט וואס צו טהון מיט זיך. דער אנגענעמער
ציטער וואס האט איהם בגנבה צוגעפיהרט צו שרה'קען איז
פערשוואונדען און ער האט זיך נאך קיינמאל נישט געפיהלט אזוי
פרעמד אין איהר נעגענווארט ווי איצט. ער האט זיך אפגערוקט
עטליכע טריט אויף צוריק און געבליבען שטעהן אין מיטען צימער
ווי א פערלוירען קינד, וואס א מוטער נעהמט מיט אויף א יריד און
עס פערבלאנזשעט. ביי דעם אכצעהן יעהריגען בחור איז נישט
קלאר געווען וואס דא דארף פארקומען, וואס מען וויל פון איהם.
ער האט זיך דערמאהנט אז איידער מען האט איהם דא אריינ־
געלאזט, האט דער רב איהם אוועקגענומען אן א זייט, אויפ־
געמישט עפעס א ספר און געהייסען איבערקוקען. ער האט עט־
ליכע מאל איבערגעקוקט דעם פלאץ, געכאפט אז ס'האנדעלט זיך
וועגען איהם און שרה'קען, זיך ארומגעקוקט א נישט דרייסטער
צי דער עולם קוקט נישט אויף איהם, זיך גערוויטעלט און נישט
נעגלויבט אז דאס אלץ וואס זיינע חברים פלעגען איהם דערצעהלען
זיצענדיג ביי דער גמרא, דארף איצטער פארקומען מיט איהם.
מעשיות, איינע גרעבער ווי די צווייטע, זיינען איהם געקראכען

אין קאפ אריין און וואס שטארקער ער האט זיי געוואלט פער־טרייבען, אלץ פעסטער האבען זיי זיך געוועבט ארום איהם, גובר געווען די בושה און ער האט געזינדיגט אויס צער.

שרה'קע האט זיך געדרעהט אין בעט. ווי די נכפה וואלט זי נעגעסען, געווען זיכער אז זי וועט איהם שוין ניט צורופען, לאז ער שטעהן דער „שלומיאל" אזוי א גאנצע נאכט. און צו־ריק געערעדט וואס וועט זי דא געווינען? ווען ער וואלט נישט געווען אזא שעמעוודינער, אזא שוואכער, א מענש וואס קען קיין הויך ווארט ניט ארויסרעדען, זעהט א הינטעל געהט ער אז א זיים, א קינד קען דאך ביי איהם געווינען, טא צו וואס די גאנצע שפיעל? און פון דעסטוועגען האט זי זיך איינגעביסען מיט די צייהן אין דער אייגענער האנד, זיך אויסגעדרעהט און בעשלא־סען צו שלאפען.

ברוך איז געשטאנען אין מיטען צימער ווי א גנב, וואס שטעלט זיך אפ ביים קלענסטען שארך, האלט איין דעם אטעם און ווארט ס'זאל ווידער שטיל ווערען. ער האט געזעהן ווי זי דרעהט זיך אויס, האט עס איהם פארקלעמט אונטער'ן הארץ. ער איז צוגע־גאנגען אויף די שפיץ נעגעל צו דער טהיר און זיך געזעצט אויף א קופערט.

עס איז געווארען פינסטערער — די לבנה האט זיך בעהאל־טען אונטער'ן וואלד. ברוך האט זיך געדרעהט אויף'ן קופערט, גענומען דעם קאפ אין די הענד, איהם אנגעשפארט אז דער וואנד, זיך איינגעקוקט. איהם האט זיך געדאכט אז אימיצער ליעגט ביי שרה'קעס בעט. ער האט אויפגעציטערט, מורא געהאט צו קוקען אהינצו, צונויפגענומען אלע כחות און גענומען געהן צום בעט. ער האט אפגעטאטהעמט — שרה'קעס חופה־קלייד וואס איז געלעגען ביים בעט האט אויסגעזעהן ווי א ווייסער מענש. ברוך'ן איז דער־עסען געווארען צו זיצען. ער האט אנגעשפארט דעם קאפ אן דער וואנד, אויסגעפונען אז עס איז הארט, אז ס'קוועלט איהם און פונקט ווי איינער, וואס כאפט זיך ביינאכט אויף מיט א צאהן־וועהטאג, דרעהט זיך און מיינט אלץ, אז אזוי איז לייכטער, פונקט

אזוי האט זיך ברוך געדרעהט. אלץ איז איהם האט געוואלט שלאַ־פען און פון פערדרוס וואס ער שלאפט נישט, איז ער בייז געווארען אויף שרה'קען, אפגעמאכט אז ער מוז זי אויפוועקען. לאז זי נישט מיינען אז די וועלט איז הפקר, זי איז זיין ווייב און מיט א מאן ווארפט מען זיך נישט!... ער האט געהאט טויזענדער פּלענער זי אויפצואוועקען, אז ער קען נישט שלאפען דארף זי אויך נישט און וואס טיעפער ער האט זיך גענומען פלאנטערען, און וואס שטארקער ער האט געפּלאנט זי אויפצואוועקען, אלץ רוהיגער איז ער געווארען. דער וועהטאג וואס ער זיצט אליין איז אוועק און ער איז אויף די נענעל צוגעגאנגען צום בעט, זיך איינגעקוקט אין שרה'קען, זיך אריבערגעבויגען, ברייטער געעפענט די אויגען און ס'מויל, האט שרה'קע אין שלאף דערפיהלט זיין בליק און זיך אויפגעכאפּט:

— ווער איז דאס?

זי האט זיך אויפגעזעצט, אנגעכאפּט ברוך'ן ביי א האנד. זיך דערמאנט אז דאס האט זי גור וואס חתונה געהאט, אז ברוך שטעהט שוין אזוי לאנג, גאנץ לאנג, און מיט א זיפץ זיך צוריק אוועקגעלייגט:

— וואס געהסטו נים שלאפען?

— וואו זאל איך שלאפען? — האט ברוך א ציה געטהון מיט די אקסלען, ווי ער וואלט אין דעם אלעם געווען שולדיג.

זי האט נישט געענטפערט, זיך אויסגעדרעהט צו דער וואנד.

— שרה'קע...... שלאפסט? שרה'קע... האט ער זי אנגעריהרט מיט א פינגער — וואס טרייבסטו מיך?

זי האט נים געענטפערט.

אויב דו ווילסט, זאג, געה איך ארויס! כ'וויים, דו האסט מיך פיינד! אז דו האסט ליעב א צווייטען צו וואס האסטו מיט מיר חתונה געהאט? קיינער האט דאך דיך נים געצווינגען!

— כ'האב קיינעם נישט ליעב — האט שרה'קע שטיל גע־ענטפערט און זיך נישט אויסגעדרעהט.

— [illegible] דען ביזטו בייז?

— ווער איז ביין?

— דו!

— כ׳בעט דיך, לאמיך איצט צורוה, כ׳בין מיעד! געה בעסער שלאפען! מיר וועלען זיך מארגען אויסשמועסען!

— כ׳האב נישט וואו? — האט ברוך צושפרייט די הענד.

שרה׳קע האט נישט געענטפערט.

ברוך האט נישט אפגעטראטען, געווארט שרה׳קע זאל עפעס זאגען. ער איז מיעד געווארען, זיך איבערגעשטעלט פון איין פוס אויף׳ן צווייטען, געגעבען אנצוהערען מיט זיפצען אז ער שטעהט נאך און עטליכע מאל אויסגעשטרעקט א האנד, זי געוואלט אנריהרען.

שרה׳קע האט זיך עטוואס אונטערגעהויבען, איהם אנגעקוקט מיט אזא גלייכגילטיגקייט, ווי זי וואלט געזאגט — וואס שטעהסטו איבער מיר? זי האט אריבערגעצויגען דאס ליילעך איבער׳ן קאפ און זיך אויסגעדרעהט.

ברוך׳ן האט פערקלעמט אונטער׳ן הארץ און א באליידיגטער ביז צו טרערען האט ער דערפיהלט אז דאס צימער ווערט איהם ענג, געוואלט וואס גיכער ארויס פון דארט. ער האט זיך גענומען גנב׳ענען אויף די שפיץ פינגער, ביים קלענסטען שארך געבליבען שטעהן, ווי א גנב, אהן אטהעם, און זיך איינגעהערט ביי דער טיר צי מען שלאפט. ס׳איז געווען שטיל. בלויז פון ווייטע צימערען האט זיך געהערט א שווער שנארכען. ער האט א שטופ געטהון די טהיר און זיך געכאפט אז חתן־כלה שליסט מען אפ. עס האט זיך איהם אויסגעוויזען אז עס איז עק וועלט, זיין לעבען איז מעהר גאר נימ ווערטה און צומיינסטען האט ער זיך געשראקען פאר דער מוטער — ווי וועט ער זיך ווייזען פאר די אויגען אז זי וועט מארגען אין דער פריה אריינקומען? ער האט זיך צוריקגעזעצט אויף׳ן קופערט, נישט געוואוסט פאר וואס די אלע צרות קומען איהם און געווען זיכער אז קיין אומגליקליכער ווי ער איז נאר נישטא.

פון די לאנקעס האט זיך געטראגען א קיהל ווינטעל, דורכ־

געלאפען דעם צימער מיט א רויש, מיטגעשארט די אבגעריבענע ר׳יזען־לעפלעך און ביים ערשטען אויגענבליק האט זיך געדאכט אז פיינעלער פאטשען מיט די פליגעל.

ברוך האט אנגעשפארט דעם קאפ אן דער וואנט, זיך איינגע־הערט ווי די גרילען ווערען ניט מיעד איבערצו׳חזר׳ען זייער טיורק־טיורק, ווי וואסער וואלט געקאפעט, געהערט ווי זשאבעס קוואקען הייזעריג, זאגען אז אז דער זומער ענדיגט זיך, איז איהם פון בלויזען געדאנק, אז ער וועט מוזען אזוי אפזיצען א גאנצע נאכט, אזש קאלט געווארען. ער האט ארויסגענומען דעם גאלדע־נעם זייגער, זיך לאנג איינגעקוקט, ניך מיעד געווארען און זיך דער־מאנט אז אזוי איז ער אפגעזעסען א גאנצע נאכט ביי זיין פעטער, ווען יענער איז געשטארבען. אז ער איז געקומען צום פעטער האט ער נאך געלעבט, געהאלטען א תהילים׳ל, געקוקט דורך מעשענע שפאקולען, וואס זיינען געלעגען אויף דער שפיץ נאז און קוים אונ־טערגעברומט. ברוך האט גענומען פון טיש א ספר׳ל און ארייננגע־קוקט. מיט א מאל הערט ער ווי דער קראנקער רופט איהם.

— ברוך, ברוך, זאג לאה׳ן זי זאל מיר געבען א שטיקעל גע־פילטע פיש — — ס׳האט מיר עפעס אזוי פערשמעקט — —

ער איז אויפגעשפרונגען, געזעהן ווי דער קראנקער קוקט מיט׳ן רעכטען אויג אויף איהם, האלט זיך ביים פונאנדערווייגען, מיט׳ן לינקען קוקט ער אויף דער וואנד, ווי ער וואלט געשמייכעלט, האט ער זיך דערשראקען און איבערגעפרעגט:

— וואס וויל דער פעטער?

— גאר־נישט, גאר־נישט — — זיינען די אויגען זיך צונויפ־געקומען, געקוקט אויף דער שפיץ נאז, וואס איז לענגער און בלא־סער געווארען.

ברוך האט צוריק גענומען דאס ספר׳ל און מעהר נישט געקענט איינזיצען. ס׳איז איהם עפעס ניט געפעלען וואס דעם קראנקען האט זיך מיט אמאל געוואלט געפיהלטע פיש און דווקא די מוהמע לאה, וואס איז שוין יאהרען טויט, זאל אים געבען. ער האט א הויב געטהון דעם קאפ און דערזעהן א פאר צושראקענע אוי־

ען, ווי ביי איינעם וואס מען נים איהם א שטארקען קלאפ איבער׳ן קאפ. די אוינען זיינען געווארען ווילדער. זיך איינגעגעסען אין איהם ווי עגבערס, איהם צוגענענעלט צום בענקעל, פאראליזירט. פון גרויס שרעק האט ער צומאל נים געקענט שרייען, געפיהלט אז דאס איז א מלחמה אויף טויט און לעבען, אז דעם קראנקענס בליק ווערט שארפער, שארפער, בריהט, פערגליווערט אין איהם דאס בלוט, נאך א רגע און ס׳הארץ וועט זיך ביי איהם ארויס־שפארען פון קאסטען, פלאצען. ער האט מעהר קיין כח געהאט אויסצוהאלטען דעם קראנקענ׳ס בליק, געזעהן רעדער פון די אויגען. די אנגשטרענגקייט האט נאכגעלאזט, צעשוואומען און ער האט זיך דערמאנט אז דעם פער׳משפט׳ען צום טויט דורך הענגען, וועמען מען האט פאר דער גסיסה צוגעבונדען צו א קלאץ, אוועק־געלענט פאר איהם א פריש געבייטעלט ברויט, האט דער הונגע־ריגער זיך אזוי איינגעגעסען מיט׳ן בליק אין לאבען, ביז ער איז אויסגעגאנגען און ס׳ברויטעל איז שווארץ געווארען.

אז אפגעגאסענער פון שוויים האט ער זיך א הויב געטהון, נים געגלויבט אז ער האט זיך בעפרייט פון קראנקענ׳ס בליק, זיך א לאז געטהון צו דער טהיר און מיט נים קיין מענשליך קול גע־וואלט בערוהיגען דעם קראנקען:

— כ׳שיק גלייך אריין די מוהמע לאה!

אז ער איז צוריקגעקומען מיט נאך אידען, איז שוין דער פע־טער געווען טויט.

ברוך האט זיך גע׳חידוש׳ט וואס פונקט אין דער נאכט פון זיין חתונה קומען איהם אזעלכע מעשיות אויף׳ן זינען. ער האט זיך איינגעטוליעט, פערמאכט די אויגען, נים געוואלט מעהר טראכטען דערפון, און ווי אויף־צו־להכעים האט ער דערזעהן אז אפענעם תהילים׳ל מיט געלע פלעקען פון טאבעק און טרערען. אויף די בלעטער זיינען געלעגען א פאר מעשענע ברילען, מיט א פערלאפען, צושפאלטענע גלעזעל, ווי אז אונטערגעהאקט אויג.

ס׳איז איהם קאלט געווארען. ער האט זיך אויסגעצויגען אויף׳ן קופערט און דערפיהלט די ווארצלען פון די איינגע האר.

דורכ'ן אפענעם פענסטער איז אריין א ווינטעל, מיטגעבראכט א טוכלען ריח פון אויסגעלאשענע ליכט און צופאלענקייט, ווי דער ריח פון טויט. פון אונבעהאלפענקייט און שרעק האט ברוך זיך צעוויינט אהן טרערען, געפיהלט ווי ביסלעכווייז ווערט אלץ ביי איהם אפגעטעמט, געבליבען ליגען מיט אן אראפגעלאזטען, צע־וויעגטען קאפ, ווי א שטום פערד בלייבט שטעהן מיט'ן וואגען אונ־טער א רעגען, קוקט טעמפ און רחמנות'דיג ווי דער רעגען פאטשט איהם אין דער מאררע אריין.

דער הארטער קופערט האט איהם א ציה געטהון, האט ער זיך נאך שטארקער איינגעטוליעט, געפיהלט ווי ווייט, ווייט ציהען זיך פעדים, גלעטען איבער די הענד, איבר'ן פנים, ווי ער וואלט געגאנגען צווישען צוויי פעלדער מיט צייטיגע זאנגען. אין זיין פערדרימעלטען מח האט די חתונה, דער מצוה־טאנץ מיט אלע קליינינגקייטען יעדע ווײלע זיך א צינד געטהון, ווי דאס וואלט נים פארגעקומען איצט, נור מיט יאהרען, יאהרען צוריק, ווען ער איז נאך א קינד געווען און געווען אין ספק צי ער געדענקט עס טאקע, צי עס איז געבליבען ביי איהם אין זכרון וואס אנדערע האבען דער־צעהלט.

דאס ערגערניש, דאס אנגעצויגענקייט ביז טרערען איז אוועק און ס'איז איהם לייכטער געווארען. דער פעטער האט איהם אפגער־געפיהרט פון הינטערן טיש, ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף זיי־נע אקסלען, געקוקט ווא פאר זיך פון די מעשענע שפאקולען, וואו איין גלעזעל איז געווען דורכגעבראכען אין דער מיט אין דינע שפעטעלער, ווי אדערלעך, האבען זיך געצויגען ארום און ארום דעם רעמיל און געמאכט אויסזעהן ווי ס'וואלט געווען אונטערגע־שלאגען, האט ברוך זיך געכאפט אז דאס וואס דער פעטער איז געשטארבען האט געמוזט זיין א חלום און פון גרויס שמחה נישט געהערט וואס ער רוימט איהם איין.

— נו, פארשטעהסטו.

— וואס ?

— נעה שוין, נעה, הערסט זיך צומאל נישט צו וואס מ'רעדט

צו דיר! איך פאַרזיכער דיך אַז ס'וועט דיר אַסור אַנטלויפן און מען דאַרף זיך נישט צוכאַפּן אַזוי שטאַרק מיט אַמאָל, ס'קאָן פאַרשטאַנען, כאַ, כאַ, כאַ! נו, גיי שוין, גיי, ברוך!

מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים פון חרפּה איז ער אַריין אין שלאָף־צימער. שרה'קע איז איהם אַנטקעגען געגאַנגען מיט אַ פאַרריסע־נעם קאָפּ, די האָר אַרומגענומען מיט בלעטער, זי איז געבליבען שטעהן מיט איהם פאַר'ן שפּיגעל, אַ ווײַלע הנאה געהאַט פון זיך ווי שעהן זי איז, פון פריידע זיך צוגעטוליעט צו איהם, געקוקט מיט אַזאַ פּאָר ווייכע אויגען, האָט ער צעשפּרייט די הענד, דערפיהלט איהר פולכען, ווייכען האַלז, ווי די ווייכקייט ביי אַ פויגעל אונ־טער'ן פליגעל.

— מײַן שעהנע כלה!

— ביזט אויך שעהנער געוואָרען, ווייסט ברוך!

ער האָט געקוקט אין שפּיגעל, געזעהן אַז ער איז פּונקט אַזוי הויך ווי שרה'קע, זיך נישט גע'חרוש'ט וואָס ער איז עפּיס מיט אַמאָל צוגעוואַקסען, ווי אַנדערש וואָלט נישט געדאַרפט זײַן און געהערט ווי שרה'קע זאָגט:

— וואָהר אַ שעהן פּאָרעל?

זי האָט איהם אָנגענומען — ווי ער וואָלט געווען די „דאַמע" און זי דער „הערר", זיך פאַרמאַסטען, געשטעלט די ערשטע טריט פון אַ וואַלס:

— ווייסט, ברוך, מיר וואָלט אַזוי געפּאַסט צו זײַן אַ אינגעל! דו מיינסט כ'וואָלט געווען צו פעט?

זי האָט איינגעצויגען דאָס זײַדענע קלייד אונטער דער רעכ־טער האַנד און געהייסען ברוך'ן צעהלען איהרע ריפּען. ער האָט אָנגעהויבען צו טאַפּען מיט די פינגער, גאָרנישט געפונען און גע־שמייכעלט:

— האָסט נישט!

— כ'האָב יאָ — האָט זי כלומרש געמאַכט אַ ליפּ.

זי האָט אַראָפּגעוואָרפען דאָס זײַדענע קלייד, עס געלאָזט לי־גען אויף דער פּאָדלאָגע, געבליבען שטעהן אין אַ ווייס

זיידענע אונטערקליידעל, וואס האט געהאנגען ביי די אקסלען אויף בענדער און לויז געפאלען ביז איבער די קניען. זי האט זיך אנגעצויגען, עטוואס אויסגעשטעלט א פוס און דער גאנצער קערפער האט אויסגעשניטען פון קאפ ביז'ן פוס איין בויגיגע, ווייכע ליניע, וואס האט צוגעצויגען דאס אויג ווי א זון אונטערגאנג. זי האט אנגעכאפט ברוך'ס האנד און גענומען פיהרען איבער די ריפען.

— איינס, צוויי, דריי, — נו, — האט זי נישט אפגעלאזט ברוך'ס האנד — ביז איך פעט? מען קען ביי מיר פונקט אזוי איבערציילען די ריפען, ווי ביי א אינגעל! זיי זיינען אנשווייגען געווארען, געהאלטען האנד אין האנד, זיך געקוקט אין די אויגען וואס האבען געשטראהלט פון גליק, פון פרייד.

— ווייסט גאר וואס? דיך שלעפערט?

— ניין.

— מיך אויך נישט. קום ס'איז א שעהנע נאכט, לאמיר ארויס, ס'איז אזוי שטיל יעצט אין וואלד.

— די טיר איז דאך פערשלאסען!

— וועל'ן מיר ארויס דורך'ן פענסטער!

— נוט!

ברוך האט זיך גע'חדוש'ט ווי ער איז מיט אמאל פלינק געווארען. מיט איין שפרונג איז ארויף פון פענסטער, אנגענומען שרה'קען פאר דער טאליע און זי לייכט ארויסגענומען.

זיי האבען זיך געהאלטען פאר די הענד, געגאנגען איבער'ן ווייכען מאך און די פיס האבען זיך ביי זיי געהויבען ווי זיי וואלטען געגאנגען אויף שטאלצען. דער וואלד איז געשלאפען, געאטעמט מיט טויזענדער ריחות, איינגעשלעפערט אלץ ארום.

ברוך האט זיך געכאפט אז שרה'קע געהט אין אונטערקליידעל און זיך אפגעשטעלט:

— מען קען אונז נאך טרעפען?

— טא וואס איז?

— זעה נור ווי דו געהסט?

— כ'האט היינט חתונה געהאט!

דער ענטפער האט ברוך'ן צופרידענגעשטעלט, בארוהיגט. זיי האבען זיך צוגעזעצט אויף'ן געשניטענעם גראז.

— האסט מיך ליעב?

— ניין — האט ברוך זיך אויסגעצווינגען ארום איהרע פיס.

— כ'בין דיין פרינצעסין?

— ביזט מיין כלה!

— וועסט מאקע ווערען רב?

— כ'בין שוין.

— וואס מיינסטו?

— כ'מיין — כ'האב היתר הוראה.

— און דו וועסט נעהען אין א שטריימעל פונקט ווי דער אל־טער רב. וואס האט מיט מיר היינט געטאנצט? אוי, וועסטו אויסזעהן מיאוס!

זי האט זיך א דרעה געטהון אויפגעהויבען דעם אלטען רב'ס שטריימעל. אנגעטהון עס ברוך'ן, זיך עטוואס אפגערוקט. איהם גענומען בעטראכטען פון אלע זייטען און ארויס מיט א הארציג געלעכטער.

ער האט זי א כאפ געטהון און זיך גענומען קייקלען מיט איהר איבער'ן גראז.

— און ווען מען בעפאלט אונז וואלסטו אנטלאפען?

— איך? ווי פאלט דיר איין?

— און אז יענער וואלט געווען שטארקער?

— וואלט איך אויך נישט אנטלאפען.

— ראכט זיך מען נעהט?

זיי האבען זיך איינגעהערט. עפיס איז אראפגעפאלען און אפגעקלונגען.

— ס'איז א בלאט. ווער קען דאס געהן אזוי שפעט ביי נאכט?

— און איך זאג אז מען נעהט — האט שרה'קע צוגעלעגט דאס אויער צום גראז — עמיצער קומט מיט'ן וואלד.

פון וואלד איז ארויס א שאטען. פערשוואונדען צווישען די

ביימער, באַלד זיך צוריס בעוויזען. ווי ער וואָלט זיך נע׳גנב׳ט.
שרה׳קע האָט זיך צוגעטוליעט צו ברוך׳ן, איהם גענומען קו־
שען:

— ווייסט, ס׳איז וואָלדעק.

ברוך איז אויפגעשפּרונגען, פערשטעלט שרה׳קע און געוואַרט
יענער זאָל צוקומען.

— ווילסט עפּעס?

— כ׳וויל צוריק מיין געליעבטע.

— אַז זי וויל דיך נישט!

— וועמען אַרט עס!

— פרעג זי! איבערינענס, ביזט צו שפּעט געקומען, זי איז
שוין מיין ווייב.

— וואָס?

— וואָס דו הערסט! און מאַרש—געה שוין אַוועק פון דאַ־
נען!

— אַז נישט?

— אַז ניט וועט מען דיך אַוועקטראָגען אין פּלאַכטעס!

— דאָס וויל איך זעהן!

ועסט עס זעהן!

וואָלדעק האָט זיך אַ דרעה געטהון, אויסגעמיידען ברוך׳ן
און זיך אַ וואָרף געטהון צו שרה׳קען. ער האָט זי אַרומגענומען,
ווי ער וואָלט זיך געקליבען זי אַוועקצוטראָגען:

— דערקענסט מיך נישט, שרה׳קע?

ברוך האָט זיך גענומען יאָגען נאָך וואָלדעק׳ן, ניט געקענט
צו איהם צוקומען, און וואָס שטאַרקער ער האָט זיך געריסען, אַלץ
איז דער שטח צווישען איהם און וואָלדעק׳ן געוואָרען גרעסער.
ער האָט געזעהן, אַז מען טראָגט שרה׳קען אַוועק, האָט ער אויס־
געריסען אַ בוים, איהם אַ וואָרף געטהון אויף וואָלדעק׳ן. גע־
כאַפּט שרה׳קען אויף די הענד און גענומען לויפען וואָס נור כח
ער האָט געהאַט. ער איז געלאָפען באַרג אַרויף, געפיהלט ווי
שרה׳קע ווערט אַלץ שווערער, שווערער. לעגט זיך ״יישער איהם

ווי אַ אויסגעהויערטער מאַסע, בוינט זיין קאָפּ צו דער ערד. ער האַלט זי צו מיט די לעצטע כחות און די מאַסע דריננט אַריין אין יעדען נערוו זיינעם. אין יעדען שפּעלטעל און ער פאַלט. פאַלט צוריק פון בארג. ווייל זיך אנכאַפּען אַז שטיקער מאַך, אַז גראַז — אַלץ צוקריכט איהם צווישען די פינגער. ווי אפּגעססמאַליעט שטרוי. און ער פליהט. פליהט אַן אויפהער, ווייס אַז ער האָט שרה'קען אנגעוואוירען. אַז ער וועט קיינמאָל ניט דערגרייכען קיין בּאָרען. וועט תמיד פליהען, און פון גרויס צער האָט ער זיך צוואויינט און נעעפענט די אויגען.

ברוך האָט זיך אַרומגעקוקט. באַלד ניט געכאַפּט וואָס ער געפינט זיך, און זיך ביסלעכווייז אָריענטירט. ביידע פיס זיינען ביי איהם איינגעשלאָפען. ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף'ן קופּערט. געפיהלט אַ קעלט אין די ביינער, געזעהן פאר זיך דעם גאַנצען חלום, און פונקט ווי אַ איינגעל, ווען ס'חלום'ט זיך אַז ער האָט געפונען אַ סך געלד, כאַפּט זיך אויף מיט לעדיגע הענד און נעהמט זיך פון פערדרום שובערען, פונקט אַזוי האָט ברוך אריינגעלאָזט די צעהן פינגער אונטער'ן היטעל און שווער אָפּגעזיפצט.

ס'איז שוין געווען טאָג. שטיקער ליכט זיינען געלעגען אויף די פענסטער, אויף דער פאַרלאַגע, אויפ'ן בעט. שרה'קע האָט זיך איבערגעצויגען אַ מיעדע נאָך אַ האַסטיגען שלאָף און זיך געוואונדערט ווי אַזוי די נאַכט איז אַזוי געשווינד דורך. דאַכט זיך זי האָט נור וואָס איינגעדרימעלט. זי האָט פערלענגט די הענד אויף צוקאַפּענס, געזעהן פון דער זייט ווי ברוך איז געזעסען אַז איינגעקאָרטשעטער אויף'ן קופּערט. האָט זי רחמנות געקראַגען אויף איהם, איהם צוגערופען מיט דער האַנד און געוויזען ער זאָל זיך זעצען אויף'ן בעט:

— ביזט בייז אויף מיר, ברוך?

— כ'בין ניט בייז, נו — — —

— כ'בין משוגע, אַז כ'ווייס עס! האָסט חתונה געהאַט מיט אַ משוגענע ווייב! — האָט זיך שרה'קע צולאַכט.

ברוך האָט ניט געענטפערט. גליקליך געשמייכעלט, ווי ער

וואלט ניט געגלייבט זיינע אויערען, און זיין פנים האט, דאכט זיך, געזאגט: אזא משונהדיקע אויף אלע אידישע טעכטער געזאגט.

— ביזט מיער? — האט שרה'קע געפיהרט איהרע פינגער איבער זיין האנד.

— כ'בין נישט מיער.

— ווערסט זיך אפשר צושפארען? ביזט דאך א גאנצע נאכט ניט געשלאפען! אויב דו ווילסט, שפאר זיך צו! זעה נור ווי בלאס דו ביזט? זאג דעם אמת, ברוך, — האט שרה'קע אנגע־כאפט זיין קאפ איןביידע הענד, איהם עטוואס צוגעבויגען צו זיך און זיך איינגעגעסען אין זיינע צושראקענע אויגען — האסט מיר געשאלטען ביי נאכט?

— וואס פאלט דיר איין? איך וועל דיך שעלטען?

— נו, כ'ווייס, — האט שרה'קע געשמייכעלט — איך אויף דיין פלאץ, וואלט — — — וואלט — — — ווייסט, ביזט א שעהנערער מענש פון מיר! כ'פיהל, אז כ'הויב אן דרך־ארץ האבען פאר דיר.

— און ליעב?

זי האט נישט געענטפערט, ארומגעכאפט ברוך'ן מיט ביידע הענד, איהם א קוש געטהון, זיך א רוק אפ געטהון, ווי זי וואלט זיך אפגעשאקעלט דערפון, מורא געהאט איהם ווייטער ניט צו בעליידיגען, האט זי צוגעשטעלט איהר האנד צו זיין מויל.

בשעת ברוך האט געקושט איהר האנד, האט זי מיט דער צווייטער זיך געשפיעלט מיט זיינע פאות און כלאחר יד א זאג געטהון:

— די מאמע דארף גארנישט וויסען — —

— וואס מיינסטו?

— כ'מיין, די מאמע דארף גאר נישט וויסען וואס צווישען אונז איז פארגעקומען.

— ווער געהט איהר דען זאגען?

— אויב זי וועט דיך עפעס פרעגען — שוויינ!

פון יענער זייט טהיר האבען זיך שוין געטראגען קולות, דער

עולם איז זיך שוין צונויפגעקומען פון די שייערן, פון די „כא־פעס”, געקומען אפגעבען חתן־כלה גוט מארגען. אונטער׳ן פענ־סטער האט א קאפעליע כלי־זמרים גענומען אפשפיעלען א „דזשען־דאברי”.

שרה׳קע האט זיך ארומגעקוקט, געהאט ס׳געפיהל ווי די ווענד, דער דאך, די פארלאגע, אלץ איז דורכזיכטיג, טויזענדער אויגען קו־קען אויף איהר פון אלע זייטען, האט זי א כאפ געטהון דאס ליילעך איבער׳ן קאפ און זיך בעהאלטען.

מען האט אויפגעשלאסען די טהיר און ברוך׳ס מאמע, די מוה־מע גיטעל, איז אריין מיט א ברייטען גוט מארגען. זי האט זיך צוקושט מיט שרה׳קען, געבליבען זיצען אויף׳ן בעט, כלומרשט בעוואונדערט די אויסגעהאפטענע קארטשיקעס” אויף שרה׳קעס נאכט־העמד, געגלעטעט גלאטיג, קיין זאך ניט געמאכט שווער און, ווי א מאמע, איהר געהאלפען אנטהון.

שרה׳קע האט בעמערקט ווי די מוהמע גיטעל זוכט עפּיס אין בעט, געזעהן ווי די פרעהליכקייט פערשווינדט ביי איהר, געזעהן ווי די מוהמע האלט אין איין עפענען און צומאכען דאס מויל. ווי זי וואלט זיך עפּעס געקליבען זי צו פרעגען, איז שרה׳קע א ברונז׳ע ארויס פון צימער.

די מוהמע גיטעל האט צעווארפען שרה׳קעס נאכט־העמד, געהויבען מיט די אקסלען און צוגעגאנגען צום זוהן, וואס איז די גאנצע צייט געשטאנען ביים פענסטער, און עפּעס אויסגעקלאפּט מיט די פינגער אויף א שויב.

— וואס איז דאס, ברוך?

— וואס מיינסטו?

— כ׳מיין, דו ווייסט וואס כ׳מיין — — — ווייסט בעסער דעם דין פון מיר — — — ווייסט אז ס׳איז א חטא... ווי איז דאס געהערט געווארען? אפילו ביי גוים, להבדיל.. כ׳בין, שרה׳קען חס וחלילה ניט חושד, איינען בלוט, כ׳בין זיכער אז ס׳איז אן עהר־ליך קינד... וואס, ס׳איז עפּעס געווען צווישען אייך? איהר האט

זיך געקרינקט? א מאמען דארפסטו זאגען! וואס שווייגסטו
עפעס האט דאך געמוזט זיין, אנדערש... זעה נור ווי ער שמעהט,
ווי ער וואלט ניט געקענט קיין צוויי צעהלען! מען רעדט דאך צו
דיר!

שרה'קע איז אריינגעקומען, זיך גענומען קעמען די האר. דער־קענט אן די בלאסע נעזער, אז דער מוהמעס האסטיגען ארוים־געהן, אז עפעס איז פארגעקומען צווישען דער מאמען און דעם זוהן.

— די מאמע האט דיר עפעס געזאגט? — איז שרה'קע צו־געגאנגען אזוי נאהענט, אז ברוך האט אויף זיינע באקען דערפיהלט איהרע האר.

— זי האט געזאגט, — איז ברוך רויט געווארען און ניט גע־וואוסט ווי צו ענדיגען.

— וואס האט זי געזאגט?

— זי האט געזאגט, אז ס'איז א זינד.

— וואס איז א זינד? — האט שרה'קע געשמייכעלט.

— דו מיינסט די מאמע איז ניט גערעכט — איז ברוך מיט א מאל געווארען ערנסט — כ'פרעג דיך, האט עס געלוינט?

— כ'האב דאך דיר געזאגט, אז דו האסט געקראגען א משוגע־נע ווייב, — האט שרה'קע זיך צולאכט — און זאג דער מוהמען, אז אויב זי וועט זיך צופיעל מישען, וועט זי ערגער מאכען. איך וויל דו זאלסט עס איהר זאגען!

— זי איז דאך א מאמע! — האט ברוך זיך געפונען באליידיגט.

— מא זיי מיט דער מאמען!

ברוך איז געשטאנען א פערלוירענער, ווי ער וואלט אלץ קאליע געמאכט, גרייט געווען אליץ נאכצוגעבען, אבי זיך נישט איינצוריי־סען מיט שרה'קען און איהר גענומען קושען די הענד:

— שרה'קע, זיי ניט ביין. דארפסט זיך ניט באליידיגען פון יע־דער קלייניגקייט.

— דו ווייסט, אז די מוהמע האט מיך איצט באליידיגט און מיאוס באליידיגט? דו האסט געזעהן מיט וואס פאר א נאז זי

איז ארויסגעגאנגען? וואס איז זי געקומען קוקען? צו איהר ברוך האט א כשר ווייב?

— דאס איז דאך א מנהג ביי אידען, האט ברוך פּרובירט זי איינגעהמען.

— איז עס! און איך וויל אבער ניט מען זאל צו מיר קומען קוקען! גער שוין און זאג דער מוהמע אז זי האט מיך בעליידיגט, לאז זי ניט אומגעהן מיט א נאז און מיינען אז מען האט זי בע־ליידיגט, אפּגענארט, געגעבען איהר בן־יחיד כ׳ווייס־וועמען פאר א ווייב!

ברוך איז ארוים פון שלאפצימער ווי א געהארכזאם איינגעל. שרה׳קע האט זיך איבערגעטהון, אראפּגענומען פון זיך דאס ציע־רונגג, ארויפגעווארפען א קלייד ביז צום טריט און ס׳האט אויסגע־זעהן אז זי קלייבט זיך אין וועג אריין. זי איז געווען צופריעדען וואס זי האט אלעמען געמאכט פיהלען שלעכט, זעהר געוואלט מען זאל זי נעהמען אויף א פערהער, געווען זיכער אז ברוך וועט שווייגען, לאזען זייי וויסען אז ניט אלץ קענען זייי אויספיהרען, אז זי האט אויך א דעה ווען עס האנדעלט זיך וועגען איהר. זי האט זיך אויס־געקעמט גאר אנדערש ווי אימער, אויסגעזעהן עלטער און מיט א מינע, ווי זי וואלט זיך איבער נאכט אין גאנצען געענדערט, איז זי אריין צו די געסט.

פון ערשטען ב ליקהאט זי בעמערקט אז אלע געהען ארום ווי נעבטיגע, איז זי געווארען אויפגערוימטער און זיך צוקושט מיט׳ן פאטער:

— וואס איז, טאטע, וואס ווינשטו מיר גאר נישט?

— אז דו שאפּסט מיר, טאכטערשי, ענמת נפש!

— איך?

זי האט איהם ארומגעכאפּט ווי א צופיעשטשעטע טאכטער און זיך גענומען בעטען ביי איהם:

— וואס מיינסטו, טאטע? כ׳בעט דיך — — — —

די מוהמע גיטעל האט דערווייל א ציה געטהון ר׳ מרדכי׳ן פאר אז ארבעל און געהייסען האט עס ער זאל שווייגען.

זי האָט געטראַכט, אַז צווישען דעם יונגען פּאָר פּאָלק האָט מסתמא עפּעס פּאַסירט, מען דאַרף אָפּוואַרטען, ווען ס'וואָלט מיט אַן אמת עפּעס געשעהן, וואָלט דאָך ברוך ניט געשוויגען און זי האָט אָרומגענומען שרה'קען:

— ביזט דאָך אודאי הונגעריג, קום עפּעס איבערבייסען.

— 11 —

### אויף'ן אייז.

נאך „שבע ברכות״ איז זיך דער עולם צופאהרען. יעדער האט מיטגעפיהרט דאס שטיקעל נייעס וועגען שרה'קען, ווי זי האט זיך אויפגעפיהרט מיט ברוך'ן און אין די ארומיגע שטעדטלעך האט דאס שטיקעל נייעס אנגעמאכט אזא רושם, ווי ס'וואלט געווען עפעס א וויכטיגע וועלט־פאסירונג. וואכען־לאנג האט דער ארומיגער עולם זיך געקוויקט דערמיט, לייכטע קעפ וואס האבען שבת ביים לייענען זיך ארומגעשארט אין פאלעש כאפען א שמועס, זיינען נישט מיעד געווארען עס איבערצוחזר'ען און יעדעס מאל אזוי געלאכט, ווי זיי וואלטען עס צום ערשטען מאל געהערט. מאן און ווייב, אז זיי זיינען געווען גוט אויפגעלעגט, האבען זיך פאס־מאקעוועט אין דער דריטער „אשמורה״ און יעדעס מאל געענ־דיגט:

— וואס א גביר'ס בת יחידה קען אלץ איינפאלען!

אין וואלד איז געווארען שטיל ווי פריהער. בריינע האט זיך ווי תמיד געפארעט, מיט יעדער קלייניגקייט געקומען זיך שואל־עצה זיין מיט שרה'קען, זי געוואלט מאכען פאר דער בעל־הבית'טע, איהר איבערגעגעבען דאס ווירטשאפט. שרה'קען איז עס אבער גיך דערעסען און זי האט זיך געבעטען מען זאל זי לאזען צורוה.

— ס'וואלט גוט געווען מאכטערשי, — האט בריינע תמיד גע־האלטען אין איין שטופען דעם שפיץ פון קלייד אין סטאן אריין— ווען איך זאל אייביג לעבען, אבער קיינער ווייס דאך נישט ווע־מעס מארגען ס'איז און א ווירטשאפט אהן א בעל־הבית'טע,

פלענט דיין זיידע צו לענגערע יאהר אונז, זאגען, (א קלונער איד געוועזן) איז פונקט ווי א שיף אהן א רודער. צייט, שרה'קע, אויס־צוטהון די קינדער־שיכלעך, צייט!

יעדעס מאל נאך אזא שמועס האט שרה'קע ווי זיך ארומגע־זעהן, אז זי איז טאקע מעהר נישט קיין מיידעל, אז ברײנע ווערט עלטער פון טאג צו טאג, ס'איז איהר אין גאנצען געבליבען איין צאהן אין מויל און אז זי רעדט ציטערט ביי איהר די גאמבע און דער שמערצן, די הויט האט זיך אויסגעצויגען, הענגט איבער'ן פנים, קנייטשט זיך. שרה'קע האט זיך געבעטען ביי איהר:

— ברײנע, טהו מיר צוליעב, נעהם אימיצען אריין אין שטוב, ווי לאנג איז דער שיער צו ארבייטען? וועסט געהן און פאלען!

— וואס? איבערגעבען דאס גאנצע גוטס עפעס א פאנפא־ראנקע אין א קאפעליוש? — האט זי וואוילעריש א כאפ געטהון די הענד פארבאקעם — דו מיינסט ס'איז אמאלינע מוידען? א מויד, אז זי איז אנגעקומען צו א בעל הבית האט זי געוואוסט, אז צום ערשט גאט און דער נאך דער בעל־הבית. דער בעל הבית פלעגט זי חתונה מאכען און אפילו נאך דער חתונה האט מען גע־קענט ביים בעל הבית מאכען א בכבוד'יג לעבען, אבער די היינטיגע פאנפאראנקעס? צו משה קאסירער איז אנגעקומען א מויד, טראגט זי א קאפעליוש מיט הענטשקעס, רעדט מיט די קינדער פויליש און קלאגט זיך פאר מאריאנע'ן, אז איהר „פאן“ איז א נאר — ער טשעפעט זיך נישט צו איהר. הא, אזא פאסקודע דארף איך אין שטוב?

שרה'קע האט געקוקט אויף ברײנע'ן, ווי זי האט זיך אין גאנ־צען געטרייסעלט בשעת אין רעדען און געטראכט, אז זי האט קיינ־מאל מיט קיין מאן נישט געלעבט. א האלב יאהר נאך דער חתונה איז דער מאן ביי איהר געשטארבען, זי האט מעהר נישט חתונה געהאט און פון דעמאלט אן געבליעבען ביי זיי. די ליעבע וואס א פרוי האט פאר א מאן, פאר קינדער, אלץ האט ברײנע אוועקגע־געבען זייער הויז און דאס איז אזוי ביי איהר אריין אין בלוט, אז זי האט זיך אויף א מינוט נישט געקענט שיידען מיט דעם באַ

שליסלען, וואס איז געהאנגען ביי איהר פארטוך. זי האט זיי גע־האלטען צוקאפענס, מיט פערמאכטע אויגען געקענט אויפזוכען וואס פאר'ן מען האט נור געדארפט. און ביים רעדען תמיד זיך נעהאלטען אין איין טאפען צו זיי היינגען. ביי די לעצטע „שבע ברכות" האט ברײנע אין געגענווארט פון די מחותנים איבערגע־נעבען דעם פאק שליסלען שרה'קען, איהר געװמען ווייזען וואו יעדער שליסעל בעלאנגט. גערעדט וועגען זיי מיט אזעלכע איינ־צעלהייטען, אזוי ווארעם, ווי דאס וואלטען נישט געוועז קאלטע שטיקלעך אייזען, נור קינדער.

די ערשטע פאר טעג ווען שרה'קע האט נע'בעל־הבית'עוועט, איז ברײנע ארומגעגאנגען ווי אן איבריגע, געהאט דאס געפיהל, אז זי פלאנטערט זיך יעדען צווישען די פיס, שטערט בלויז. פון געוואהנהייט האט זי זיך געהאלטען אין איין טאפען צי די שליס־לען הענגען, זיך אפט פערגעסען, גערעדט צו זיך אליין, געשיקט די שיקסע מעלקען די קיה, געהייסען אריינטרייבען די היהנער, געשריען, אז די פאדלאגעס זיינען נישט גוט אפגעוואשען. זיך מיט אמאל דערמאנט, אז זי איז מעהר נישט בעל־הבית'טע און אפגע־זיפצט. אין אלעם וואס מען האט געטהון אין הויף האט זי בלויז געזעהן חסרונות, גע'טענה'עט, אז שרה'קע איז נאך א קינד, נוצט זי יעדער אוים, זי האט אבער ניט געוואלט זיך מישען, זיך געער־גערט, וואס איהר פראצע געהט פערלוירען. פון עגמת נפש האט ברײנע זיך דערפיהלט שוואך, אריין אין בעט און קיינער האט ניט געוואוסט, וואס איהר איז, און אז שרה'קען זיינען די שליסלען דער־עסען, קיינמאל נישט געקענט געפינען דעם ריכטיגען און זיי צוריק איבערגענעבען ברײנע'ן, האט די אלטע זיך אויפגעהויבען.

אז מרדכי האט זיך דערוואוסט פון וואס ברײנע איז געזונט געווארען, האט ער א צופריעדענער געשמייכעלט און דערצעהלט, אז ווען שרה'קעם מאמע איז געלעגען אז אפגעהויבענע און ברײנע האט זיך געריסען די האר, זיך געשלאגען קאפ אן וואנד, האט זי אפילו דעמאלט נישט פארגעסען נאכצושרייען מאריאנען, וואס פאר'א שליסעל זי זאל נעהמען, זי זאל נישט פארשיטען דעם ווייץ

און אַ האַלבע זיפּ וועט אויך גענוג זיין פאַר די עופות. מרדכי האָט געענדיגט און זיך גע׳חרוש׳ט:

— און ברײַנע איז דאָך ניט קיין קאַרגע, זי וועט זיך טהייר-לען מיט׳ן ביסען, אַוועקגעבען אַן אָרימאַן ס׳לעצטע. נישט בחנם זאָגט מען — הרגל נעשה טבע — יעדער מענש האָט זיך זיין משוגעת!

שרה׳קע איז געווען גלייכגילטיג צו אַלעס, זיך מעהר מיט קיי-נעם נישט געוואָלט איינרייסען, אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איהר פער-זענליכער לעבען איז שוין סאַי־ווי סאַי גע׳פּטר׳ט, צו וואָס פאַר-ביטערען אַנדערע ס׳לעבען. זי האָט געטהון וואָס מען האָט פון איהר פערלאַנגט, אויפגעהערט צו זיין קאַפּריזנע מיט ברוך׳ן. זי איז געוואָרען בלויז פוילער, געזעסען גאַנצע טעג אין שטוב און נעלייענט. אין עטליכע חדשים האָט זי איבערגעלייענט אָהן אַ צאָהל ביכער, איינגעשלונגען אַ וועלט מיט געדאַנקען. יעדען טאָג האָט זי אַריינגעשלונגען עפּעס נייעס, געפיהלט ווי אַ נייער געדאַנק באַזעצט זיך אין איהר, נעהמט אָן אַ בעשטימטע פאָרם. זי האָט געלעבט אין אַן אַנדער וועלט.

טאַטע, מאַמע, הויז, אַלץ האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, ס׳ איז געווען עפּעס כאַאָטישעס, גרויסעס און פון דעם מיש־מאַש האָט זיך אַרויסגעשיילט אַן אַנדער מענש, וואָס איז גאָר נישט עהנליך געווען אויף די אַלע, וואָס זי האָט זיך פאַרגעשטעלט. און פּונקט ווי אַמאָל פלעגט זי אַוועקגעהן אין וואַלד און מיט אַ כשוף אַראָפּ-ברענגען אַ בויגיגען פרינץ מיט לאָקען, אַזוי האָט זי איצט גאַנצע טעג געזעהן פאַר זיך דעם פרייען מענש, וואָס איז גאָרנישט עהנליך געווען צו די אַלע וואָס זי האָט געקענט, געזעהן פאַר זיך קראַנקען-בערגען.

ברוך איז געווען גליקליך, נישט געוואוסט, וואָס מיט שרה׳-קען קומט פאַר, בלויז געזעהן, אַז זי ווערט מיושב׳דיגער. וואַרפט אַוועק די אַלע קינדערשע שטיק און ער האָט זיך געפיהלט ווי אַ וורובעל, וואָס דרעהט זיך אַרום דעם בושעל׳ס קאַש, שלעפּט שטיק-לעך קאַנאַפּיעס און בעט אויס זיין נעסט, מאַכט וואַרימער, בע-

קוועמער פאר דער סאמקע. יעדעס מאל ווען ער איז געוועז אין שטאדט האט ער געבראכט שרה'קען א שטיקעל ציערונג, א שטיקעל זיידענס, סאמעט. זי האט איהם געדאנקט פאר די מתנות, אלץ אוועקגעלעגט. קיין זאך נישט געטראגען, אנגעהויבען צו ווערען פולער און נישט אויפגעהערט צו לייענען.

אז ס'האט געכאפט דער ערשטער פראסט האט שרה'קע מעהר נישט געקענט איינזיצען אין שטוב. זי האט בעמערקט, אז זי הויבט אן ווערען פולער און כאטש זי האט אויסגעזעהן פיעל שעהנער האט זי א שליידער געטהון פון זיך דעם בוך, ווי דאס וואלט געוועזן שולדיג אן אלעס, אויפגעזוכט אן אלטע שובקע אויף פוטער, א קראקולען היטעל און זיך געווענדעט צו ברוך'ן:

— זיי אזוי גוט, זוך מיר אוים די גליטשערס!

— מארגען וועלען איצט די פויערים פארגיסען די לעכער — האט זיך ברוך אפגערופען.

— דער וואס קען זיך גליטשען — האט שרה'קע אנגעהויבען, אנגעכאפט ברוך'ן פאר א האנד און איהם צוגעפיהרט צום פענסטער — קוק!

ווי ווייט ס'אויג האט געקענט כאפען, איז די ווייכסעל געוועזן אפגעריינינגט. דאס אייז האט זיך געצונדען אונטער דער זונן אין גריז בלוי, געפינקעלט פאר די אויגען ווי ברילִיאנטענע שטערענדלעך. די שטערענדלעך האבען זיך צונויפגענאסען אין א בלענדענדען שפינעל. ווייט אוועק האט מען געזעהן ווי מענשען גליטשען זיך, בויגען זיך ווי שאטענס פון אייז זייט אויף דער צווייטער. שרה'קע איז געווארען לעבעדינער, אויפגעזוכט די גליטשערס און זיך געבייזערט:

— געה, ברוך, דו קאנסט קיין זאך ניט! ס'איז אנגענעהמער זיך צו גליטשען מיט א מאן, ווי איינע אליין!

— אז דו ווילסט וועל איך זיך לערנען — האט ברוך א שולדיגער זיך פערענטפערט.

— הויבט זיך אן!

זי האט איהם גיכאפט אונטער'ן ארעם, ארויס, און געלאפען

מיט ..יהם איבער'ן שמאלען וועגעל, וואו פוןביידע זייטען האבען געפינקעלט צוויי בייטען מיט שנעע, געבלענדט פון ווייסקייט די אויגען.

ברוך האט איהר געהאלפען אנטהון די גליטשערס, געהאט פער־דרוס, וואס ער קען נישט און זיך געבעטען ביי איהר:

— זעה, שרה'קע זיי נישט ווילד, גיב אכטונג זאלסט אמאל נישט אריין אין א לאך.

שרה'קע האט נישט געענטפערט, אויפגעשפרונגען, א מאך גע־טהון צו ברוד'ן מיט דער האנד און גענומען באלאנסירען איבער'ן אייז, אויסגעשניטען קרייזען. ער האט איהר נאכגעקוקט א גליק־ליכער, וואס זי איז זיינע, געזעהן ווי זי פאהרט אלץ ווייטער, וויי־טער, ווערט קלענער, ביז זי איז אין גאנצען פערשוואונדען. ברוך האט געווארט א לענגערע צייט, געזעהן, אז זי קומט נישט צוריק, האט ער זיך געלאזט מיט דער ווייכסעל און וואס מעהר ער האט זיך געוואלט בארוהיגען, אז ס'האט גאר נישט פאסירט, אלץ גרע־סער איז געווארען די שרעק. ער איז געלאפען, געפיהלט ווי טוי־זענדער געדאנקען בעפאלען איהם, רייצען זיך, אז מען לאזט נישט א מיידעל אליין איבער'ן אייז. עס איז איהם אויפ'ן זינען געקומען שרה'קעס מוטער, ווי זי האט זיך אריינגעווארפען אין וואסער און א קאלטער שוויים האט איהם דורכגענומען. ער איז פערביינגע־לאפען אן עפנונג, זיך איינגעקוקט ווי פון דער וואסער געהט א פארע, ווי ס'וואלט געוועז ווארעם, אריינגעשטעקט א האנד און זיך א טרייסעל געטהון. ס'וואסער האט געשניטען. ער איז געוועזען זי־כער, אז ווען א מענש פאהרט אן אויף דעם לאך, וואלט ער אריין איבער'ן קאפ און ס'וואלט פון איהם קיין זכר נישט געבליבען. עס האט איהם מיט אמאל פערקלעמט אונטער'ן הארץ צו וואס ער האט זי געלאזט געהן. ס'קאן זיין, אז פונקט איצט ליעגט זי ערגעץ אין אן עפנונג, ראנגעלט זיך און וואס זי כאפט זיך אז פאר'ן אייז, ברעכט עס זיך און זי פאלט צוריק אין וואסער אריין. ער האט אנגעשפיצט די אויערען, געוועזן זיכער, אז ער הערט א קרעכצען, זיך גענומען ברעכען די פינגער און זיך געלאזט לויפען גלייך מיט

דער ווייכסעל, נישט געוואוסט, אז ער האט שוין שרה׳קען לאנג גע־האט אויסגעמידען.

שרה׳קע איז געשטאנען ארום דער „קעמפּע“, וואס האט זיך געשניטען אין דער לאנקע אריין און גערעדט מיט וולאדעק׳ס שוועסטער, וואס איז איהר אנטקעגען געקומען:

— איהר האט נישט מורא אליין זיך צו גליטשען? — האט וולאדעק׳ס שוועסטער זיך אנגעהאלטען אן שרה׳קען — ארום די לעבער ברעכט זיך דאס אייז, ס׳איז געפעהרליך!

און איהר האט נישט מורא? — האט שרה׳קע זי אנגעקוקט.

– איך גליטש זיך נישט אליין. וולאדעק איז דאך אויך דא.

— וואס, ער איז אין דער היים? כ׳האב געמיינט ער איז אין ווארשע.

— ער איז געקומען אויף ניי־יאהר — האט ס׳מיידעל געשא־קעלט מיט א פּוס, אראפּגעווארפען אייז גליטשער און נישט אויפ־געהערט רעדען — ער האט שוין געענדיגט, מעגליך ער וועט פאה־רען נאך פּעטערבורג, כאטש מיין פאטער וויל ער זאל שטודירען אין דייטשלאנד, ווייל דארט שטעהט מעדיצין העכער ווי ביי אונז. און ער, וולאדעק, וויל נישט קיין מעדיצין, ער וויל בעסער ווערען א יוריסט.

זי האט זיך ארומגעקוקט וואו דער ברודער איז און געווי־זען מיט א פינגער:

— איהר זעהט, דארט שטעהט ער מיט קראנענבערג׳ען.

— מיט וועמען?

— איהר האט נישט געהערט פון קראנענבערג׳ען?

— געהערט!

— אי, איז ער אינטערעסאנט! איך האב מורא פאר איהם — מען זאגט, אז ער גלויבט נישט אין גאט, ער גלויבט אין גאר נישט! איהר ווייסט, צו צוואנציג יאהר איז ער שוין אנטלאפען מיט זיין׳ס א שוועסטער־קינד, רעגינא האט זי געהייסען, גע־וואהנט מיט איהר אזוי, נים חתונה געהאט. מען זאגט, אז רע־גינא האט אליין געוואשען, געארבייט אין א פאבריק, אזא רייכע!

איז זי געווען שעהן! זי האט איהם אזוי ליעב געהאט, אז זי האט טאטע, מאמע, אלץ פערגעסען, אבי צו וואהנען מיט איהם, ליידען הונגער, דערנאך דערצעהלט מען האט ער זי געשיקט שי־סען א גובערנאטאר, איז זי געגאנגען. פארשטעהט וואס פאר'א מענש דאס איז? יעצט זאגט מען, אז זי איז אין סיביר, ווען איהר וואלט זי געקענט, וואס פאר א רייך קינד דאס איז געווען!

ווי זיי האבען גערעדט איז אונטערגעקומען וולאדעק אין א טוזשורקע אהן קנעפ, א סטודענטיש היטעל. ער האט אויסגעזעהן פערשייט, ווי אלץ אין איהם וואלט געזאגט — דרך ארץ, א סטו־דענט געהט! נאך איהם האט זיך געגלימשט א מאן אין די דריי־סיגער, אין גאנצען געראזירט און אויסגעזעהן האט ער ווי אן ענג־לענדער. ער האט פון דער זייט א קוק געטהון אויף שרה'קען.

וולאדעק האט עלעגאנט אויסגעשניטען א קרייז, געצויגען דאס היטעל ביז צום אייז און ווי קיינמאל גארנישט בעגריסט שרה'קען:

— וואס מאכט איהר, מאדאם?

ער האט נישט געווארט אויף אן ענטפער און גלייך פארגע־שטעלט דעם צווייטען:

— בעקענט אייך: מאדאם קלענעץ — קראנענבערג.

דער פרעמדער האט לייכט אנגענומען שרה'קעס האנד, קוים א דריק געטהון און זי האט א לענגערע צייט געפיהלט זיינע ווארי־מע, טרוקענע פינגער. שרה'קע האט זיך פיעל אנגעהערט פון פא־טער וועגען קראנענבערג'ען. געוואוסט, אז ער איז געווען א גוט אינגעל, געקענט לערנען, געענדיגט גימנאזיום, דערנאך, אז ער איז אהיים געקומען אלס סטודענט פון ווארשע, איז ער געווארען אן אנדערער. ער האט צונויפגענומען אלע פאראבקעס, זיי געזאגט, אז די ערד וואס זיי בעארבייטען פאר זיין פאטער בעלאנגט צו זיי און נאך אזעלכע זאכען. צוערשט האט מען געמיינט ס'איז א שפאס, א יונג בחור'ל, דער האבער שטעכט, בריקעט ער. מען האט זיך באלד ארומגעזעהן, אז ער דאווענט מעהר נישט, דער רוסישער קייסער געפעהלט איהם נישט און קיין שעהנערער מענש ווי דער פויער איז גאר נישטא. די עלטערען זיינען פון איהם אויסגעשטא־

נען אזעגכע בושות אז זיי האבען געראנקט נאט וואס די וואקאציעס ענדיגען זיך און ער פאהרט צוריק. באלד נאך דעם איז ער אין גאנצען פערשוואונדען. וואס פארע צרות די עלטערען זיינען פון איהם אויסגעשטאנען! נישט איינמאל איז פאליציי בעפאלען דעם מאיאנטעק, געקומען זוכען צו דער יונגער קראנענבערג בעהאלט זיך נישט. זיי האבען גע׳טענה׳עט אז ער בונטעוועט זיך נעגען קייסער און מען וועט איהם כאפען וועט מען איהם צושניידען אויף שטיקער. עפענטליך, פאר מענשען, האט עס געהייסען, אז די עלטערען האבען זיך פון איהם אין גאנצען אפגעזאגט, הינטער ארום האבען זיי גע־האלטען אין איין אונטערשיקען צו איהם מענשען מיט געלד, ער זאל זיך אפטראגען נאך אויסלאנד. ער האט ניט געוואלט הערען דערפון ביז מען האט איהם נעכאפט אין טיעף רוסלאנד, איינ־געזעצט אין א פעסטונג און קיינער האט ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען. דער פאטער האט גע׳פטר׳ט א האלבען מאיאנטעק און נאך עטליכע יאהר זיך וואלגערען האט מען איהם ארויס־געלאזט. אין שטוב האבען איהם אלע אויסגעמיטען, איהם גע־לאזט טהאן וואס ער האט נור געוואלט, מורא געהאט פאר איהם און די בעדינטע האבען זיך גע׳סוד׳עט, אז דער יונגער „פאן“ האט גע׳הרג׳עט א גובערנאטאר.

אפט, אז שרה׳קע איז געווען אליין, גע׳חלום׳ט וועגען דעם פרייען מענש, וואס דארף צו איהר קומען, זי אוועקפיהרען פון וואלד, איז איהר תמיד אין זינען געקומען דער יונגער קראנענ־בערג. און כאטש אלע האבען איהם געהאלטען פאר א משוגענעם, בעדויערט, אז נאך׳ן פאטער׳ס טויט וועט ער צוטרענצעלען דעם גאנצען מאיאנטעק, זיך טהיילען מיט׳ן פויער, איהם אויס־געמיטען ווי א פעסט, איז זי פונדעסטוועגען געווען זעהר צופרי־דען ווען ער איז אונטערגעקומען.

— כ׳האב וועגען אייך, מאדאם, זעהר פיעל געהערט — האט קראנענבערג זיך לייכט פערנייגט.

— וואס האט איהר געקענט הערען וועגען מיר? — האט שרה׳קע גענומען געהן אויף די שפיצען פון די גליטשערס, אויס־

געזעהן שטיפעריש — אז כ'עס אין צייט, שלאָף אין צייט, וואָהן ס'גאַנצען לעבען אין וואַלד?

— אַלץ בעסער ווי אין שטאָדט — האָט קראַנענבערג גע־שמייכעלט

— דאַרף מען דאָך פריהער זיין אין שטאָדט מען זאָל עס וויסען — האָט שרה'קע געענטפערט.

— מיר שיינט אז כ'האָב אייך ערגיץ געזעהן? — האָט קראַ־נענבערג פערקנייטשט דעם שטערען.

— ביי מיין פאָטער אין הויז — האָט שרה'קע געענטפערט

— נור כ'גלויב נישט איהר זאָלט מיך פון דעמאָלט געדענקען, כ'בין נאָך געוועזן אַ קינד.

ברוך איז אַנגעקומען נישט טוידט, נישט לעבעדיג, געוועזן אַזוי אויסגעמאַטערט פון לויפען, אַז ער האָט אַזש נישט געקענט רע־דען, געסאָפּעט ווי אַ הונד, בלויז די אויגען זיינען געוואָרען מיל־דער, ווען ער האָט שרה'קען דערזעהן.

— פון וואַנען לויפסטו? — האָט שרה'קע איהם געפרעגט.

— כ'בין דיך געגאַנגען זוכען.

— האָסטו אודאי געמיינט, אַז כ'האָב זיך דערטרונקען, הא?

ברוך האָט זיך פאַרשעמט פאַר די ארומיגע און גאָר נישט גע־ענטפערט. שרה'קע האָט איהם פאַרגעשטעלט און זיך פערררוי־טעלט:

— מיין מאַן — אַנווייזענדיג מיט אַ פינגער האָט זי אויסגערע־כענט זייערע נעמען.

— פאַרוואָס גליטשט איהר זיך נישט? — האָט קראַנענבערג געפרעגט ברוך'ן.

— כ'קען נישט — האָט ברוך געענטפערט אין אַ שלעכטען פּויליש.

שרה'קע האָט באַמערקט אויף וולאַדעק'ס פּנים אַ שמייכעל און זיך אַנגערופען אין אידיש:

— בית המדרש בחורים גליטשען זיך נישט.

— אויב איהר ווילט — האט קראַנענבערג זיך געווענדעט אויף אידיש צו ברוד'ן — וועל איך אייך אויסלערנען.

— א שעהנעם דאנק.

דער שמועס האט זיך נישט נעקלעפּט. זיי זיינען געשטאנען א ווײַלע שטומע און וואס לענגער דאס האט געדויערט, אלץ שווע־רער איז געווארען ארום. יעדער האט עס צונעשריבען ברוד'ן. די אייגענע הענד און פים זיינען געווארען איבריג און די מוחות הא־בען נישט אויפגעהערט צו קלערען וואס צו זאגען.

— איהר ווילט זיך אפשר איבערלויפען? — האט קראַנענבערג זיך געווענדעט צו שרה'קען און די איינפּאַכע ווערטער האבען אלע ארויסגענומען פון דער פארלעגענהייט.

— קומט האט שרה'קע אויסגעשטרעקט א האנד.

זיי האבען זיך איבערגעקרייצט מיט די הענד, זיך א לאז גע־טהון, צוערשט פאמעלעך, אויסגעשניטען קרייזען רעכטס און לינקס, גענומען נעהן גיכער, גיכער, ווי די גליטשערס וואלטען דאס אייז נישט אנגעריהרט און זיך געטראגען איבער דער ווייכסעל, ווי צוויי פייגעל. וולאדעק האט א כאפּ געטהון די שוועסטער און זיך א לאז געטהון נאכ'ן ערשטען פּארעל. ברוד איז געבליבען אליין. איהם האט נישט פערדראסען וואס שרה'קע איז אוועק מיט קראַ־נענבערג'ען, עס האט איהם בלויז געארט, וואס זי האט זיך אזוי פארגעסען, צומאל קיין ווארט נישט אויסגערעדט, צו זי וועט צוריק־קומען, צי ער זאל ווארטען, ווי ער וואלט פאר איהר נישט עקזיס־טירט. דער פערדרוס איז געווארען אלץ גרעסער און אז ביידע פּארלאך זיינען פערשוואונדען, האט עס איהם אזש פערקלעמט אונ־טער'ן הארץ. ער האט איצט נישט געקלעהרט וועגען דער עבירה, ווי זי שרה'קע, אן אשת איש, קען זיך ערלויבען מיט א פרעמדען מאנסביל זיך צו גליטשען. ער האט נעפיהלט, אז שרה'קע האט איהם נישט ליעב און זיך געוואונדערט, ווי נאך וואהנט זי מיט איהם? ער האט אפגעמאכט, אז אלע פרויען זיינען אזוי. די שיקסלעך וואס רייסען אין וואלד קארע, ווארפען אויף איהם אוי־גען און איז געוועזען זיכער, אז יעדע וואלט זיך געפיהלט גליקליך,

ווען ער פארטשעפעט זי. ער האט נישט געוואלט דערלאזען, אז שרה'קע איז גלייך צו יענע שיקסלעד און א בעליידיגטער, א דער־שלאגענער האט ער זיך גענומען שלעפען אהיים. איהם איז איינ־געפאלען, אז שרה'קע וועט איהם זוכען און האט זיך אפגעשטעלט. זאל זי זוכען, זאל זי מיינען, אז כ'האב זיך עפעס אפגעטהון, האט ער געטראכט און ווייטער געגאנגען. זאל זי וויסען א צווייטען מאל נישט איבערלאזען א מאן אליין.

שרה'קע איז דערווייל געפלויגען מיט קראנענבערג'ען אי־בער'ן אייז, אויסגעמיטען די לעבער געפיהלט ווי צעווארעמט זיך אלץ שטארקער, געפיהלט זיינע הענד, זיין אטהעם. ער האט געהאלטען אין איין רעדען, דערמאנט ווי ער האט איהר קליינער־הייט א קוש געטהון אין קעפעל, געמאלט אלץ אזוי שווארץ, אז פיעלע מאל האבען זיך שרה'קען געשטעלט טרעהרען אין די אויגען. ער האט גערעדט, אז דער מענש האט אין רוסלאנד קיין ווערטה נישט, ער איז א קנעכט, אלע זיינען קנעכט, ס'איז קיינעם נישט ערלויבט צו דענקען, קיינעם נישט. אז זיין פאטער איז גע־פאהרען נאך פלאצק צום גובערנאטאר בעטען מען זאל זיין זוהן בע־פרייען, האט דער גובערנאטאר דעם גרויען קראנענבערג געפאטשט אין פנים אריין, צובלוטיגט און דער אלטער האט איהם דערפאר געקושט די הענד, נישט געהאט פאראיבעל, ווי אנדערש וואלט נישט געדארפט זיין. טויזענדער מענשען שטארבען טאג טעגליך פאר הונגער און זיי זיינען צופריעדען. וואס פאר א ווערטה האַ־בען אייערע אידעאלען? די מענשען פאר וועלכע איהר האט איינ־געשטעלט אייער לעבען, וועלען זיך פרייען ווען מען וועט אייך בעשטראפען, שרייען און געוואלדעווען. אז מען זאל פון אייך די הויט שינדען. איהר ווילט מקריב זיין אייער לעבען פאר חיות און זיי שארפען די צייהן אייך אויפצועסען.

אזוי האט קראנענבערג גערעדט די גאנצע צייט און איהר האט זיך געדאכט, אז זי הערט דאס נישט פון איהם נור לייענט א ביכעל, אן אלט, בעקאנט ביכעל, וואס זי האט שוין אמאל געלייענט. און כאטש ער האט גערעדט מיט אזוי פיעל גאל און ענטוישונג, האט

זי פונדעסטוועגן געפיהלט, אז זי וואלט געגאנגען מיט איהם וואוהין ער וואלט זי נור געפיהרט.

אז זיי זיינען צוגעקומען צו וואלדעק'ס הויז איז שוין געווען טונקעל. וואלדעק מיט דער שוועסטער זיינע צוגעשטאנען זיי זאָלען אריינגעהן צו זיי און עפּעס איבערבייסען. שרה'קע האָט זיך ענטזאגט, זיך דערמאַנט, אז זי האָט ברוד'ן געלאָזט איינעם אליין און ס'איז איהר געווארען באנגליך. קראַנענבערג איז אויך צוגע־שטאנען, האט שרה'קע זיך נישט געקענט ארויסדרעהען, מיט גע־נאנגען און אויסגערעדט מיט וואלדעק'ען, מען זאל הייסען שפּאַ־נען א שליטען און זי גלייך אפּשיקען.

— געווים, געווים — האט וואלדעק זיך גענומען פארען — אפילו אין מיטען דער נאכט.

וואלדעק'ס שוועסטער האט געסארווירט אין א קליין צימערעל הייסע טהעע און קוכען. דער עולם האט געשמאק נעגעסען, כמעט געשוויגען און די בעל הבית'טע האט זיך אנגערופען:

— איך וואלט מיט קראַנענבערגען נישט געפאהרען!

— פארוואס? — האט זיך שרה'קע געפרעגט.

— ביי איהם פאלען שיער נישט די פערד, די בריטשקע פאהרט נישט, זי פליהט און אויב די פערד זאלען איבערדרעהען, איז א זיכערער טוידט.

— אינטערעסאנט — האט שרה'קע דערזופט דאָס גלאז טהע און זיך אויפגעשטעלט.

— כ'בין מיט איהם איינמאל געפאהרען — האט די בעל הבית'טע געגראזשעט קראַנענבערג'ען מיט א פינגער — וועל איך עס תמיד געדענקען!

— אויב איהר ווילט, פאניע קלענעץ — האט קראַנענבערג גלייכגילטיג זיך אנגערופען וועל איך אייך אפּפיהרען.

— מיט'ן תנאי איהר זאלט שנעל פאהרען!

— מיר וועלען שוין פאהרען — האט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאגט צו וואלדעק'ען — כ'וועל נעהמען אייערע גניאדע.

וואלדעק האט זיך א קרים געטהון, זיך געפיהלט געערגערט.

וואס קראַנענבערג האָט ביי איהם צוגענומען דאָס פערגעניגען אהיים צו פיהרען שרה'קען און נישט ווילענדיג געענטפערט:

— כ'האָב מורא וועסט זיי פטר'ן!

— היים איינשפּאַנען מיינע — האָט קראַנענבערג געהאָלפען שרה'קען אַנטהון.

— אַז דו ווילסט נעהם די גניאדע — האָט וואָלאַרעק זיך גע־פיהלט ווי שולדיג.

— היים איינשפּאַנען מיינע — האָט קראַנענבערג נאָך אַמאָל איבערגע'חזר'ט און ס'איז שווער געווען צו זאָגען אַז דער שטימע צי ער איז ביין.

זיי האָבען זיך געזעגענט. קראַנענבערג האָט מיט אַ פּוטער־נעם „קאָץ" איינגעדעקט שרה'קעס פיס, זיך געזעצט דערנעבען און אַ פייף געטהון אויף די פערד. די פערד האָבען אַ כאַפּ געטהון דעם שליטען און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט זיינען זיי שוין געווען אויף'ן וועג און זיך גלייך געטראָגען איבער'ן נאָך נישט גוט איינגעטרעטענעם שנעע. זיי האָבען געשוויגען. שרה'קע האָט באַמערקט ווי קראַנענבערג ווערט אויפגערוימטער, די בלויע אויגען צינדען זיך ווי קאַלטער שטאָהל. אליין ציהט ער זיך, ווערט דאַכט זיך, דאַרער, לענגער און ווי אַ הונגעריגער וואָלף ציהט ער אוים דעם קאָפּ, נעהמט פייפען אויף די פערד, שמייסט וואָס כח נור. די פערד גלאַנציגע, בויגיגע, ווי די הויט וואָלט אויף זיי געווען ענג, וואַרפען גאַנצע וואָלקענס שטעכיגע שנעלער, ווילען אַרייז איז טראַט. ער הערט נישט אויף צו פייפען, קלאַפּען מיט'ן צונג, און די פערד, ווי זיי וואָלטען פערשטאַנען, ציהען זיך, ווילען דאַכט זיך אַרויס פון דער איינענער פעל און דער שליטען פליהט, ריהר נישט אַן דעם שנעע.

ס'איז געוואָרען פינסטערער. דאָ און דאָרט האָבען זיך נענור־מען בעוויזען שטערען און באַלד איז דער גאַנצער הימעל געלעגען איבער זייערע קעפּ אַזאַ טיעפער, אַזאַ אויסגעשטערענטער. שרה'־קע האָט געזעהן פונקען פאַר די אויגען, מעהר נישט געפיהלט, אַז זי פאָהרט, נישט געזעהן קיין פערד, קיין שנעע, איז הארצען איז

געוועזן הויל, די שלייפעז האָבעז געקלאַפּט, און איהר האָט זיך גע־דאַכט, אַז זי פליהט באַרג אַרויף, העכער, העכער, העכער, אָט דער־גרייכט זי דעם העכסטען פונקט, נעמט פאַלען שנעל, שנעלער, כאַפּט זיך אָן פאַר אַ פּאָר וואַרימע הענד, לאָזט אַרויס אַ קוויטש, בעט זיך מען זאָל זי צוהאַלטען, פיהלט בלויז ווי איהר קאָפּ זינקט און מיט אַמאָל קריגט זי אַ שליידער, ווי זי וואָלט אַרויסגעפאַלען, דערפיהלט אַ פלאַם אין קאָפּ. זי עפענט די אויגען, דערזעהט נעבען זיך קראַנענבערג׳ען, קוקט זיך אַרום, אַז זיצט נאָך אין שליטען און פרעגט זיך:

— וואָס איז געשעהן? וואָס איז?

— מיר זיינען שוין אין דער היים.

— שוין?

— שוין! — האָט קראַנענבערג זי אַנגענומען פאַר אַ האַנד און איהר געהאָלפען אַרויס פון שליטען — געפעלט אייך עפּעס אַזאַ פאָהרען? נישט אַלץ וואָס איז אינטערעסאַנט איז גוט!

שרה׳קע איז געשטאַנען אַ צוטומעלטע און איידער זי האָט צייט געהאַט איהם עפּעס צו זאָגען, האָט ער זיך געזעגענט מיט איהר און געהייסען גלייך אַריין אין שטוב, זי קען זיך נאָך פער־קיהלען. ער איז אַריין אין שליטען און מיט אַ פייף פערשוואונ־דען אין דער נאַכט אַריין.

ביי שרה׳קען האָט עס אויסגעזעהן ווי אַ חלום, אַלץ איז עפּעס אַזוי בליצענהאַפט געשעהן, און אָט שטעהט זי ווידער פאַר איהר הויז, ווי נעכטען, ווי אייערנעכטען, ווי ס׳וואָלט גאַרנישט פּאַסירט. און פאַר וואָס האָט ער גאַרנישט געזאָגט? אַ מיעדע נאָכ׳ן פאָה־רען איז זי אַריין אין שטוב. ברוך איז איהר אַנטקעגען געקומען:

— כ׳האָב געקענט לאַנג וואַרטען אויף דיר?

— האָסט דאָך נישט געוואַרט.

— אַ נאַר וואָלט איך געוועזן!

זי האָט נישט געענטפערט און אַריין צו זיך אין שלאָף־צימער. זי איז לאַנג געשטאַנען ביים פענסטער, זיך איינגעהערט ווי אַ ווינד האָט געפייפט צווישען די בוימער, און געטראַכט, אַז ער טראָגט זיך

איצט איבער׳ן שנע איינער אליין, די פערד ווערען דינער, דאס פייפען לענגער, ציהט זיך ווי א רויטער פאדעם און אין די אויערען קלינגט אוה־ה, אהה־ה!

שפעט אין דער נאכט איז ברוך אריינגעקומען, זיך געבעטען, געוויינט. זי האט איהם געטריבען פון זיך, נישט געקענט הערען זיין קול. ער איז נישט אפגעטרעטען, זי געהאלטען אין איין קושען און אין פענסטער האט דער ווינד געהאלטען אין איין שי־טען מיט א קרעכץ הויפענס שנעע. אנגעיאגט א קעלט. האט זי זיך אויפגעהערט ווערען, פערמאכט די אויגען און געפיהלט ווי זי ווערט פערברענט.

זי איז מעהר יענע נאכט נישט געשלאפען, געלעגען, געריסען דאס ציכעל. די אויבער דעק, געפיהלט, אז נאך דער נאכט וועט עפעס געשעהן, נישט ווילענדיג, איבער־סגעוואלד און זי וועט זיין אונגליקליך אויף׳ן גאנצען לעבען.

— 12 —

אהן דער מוטער'ס ווילען.

א פער'עקשנ'טער געדאנק האט זיך געדרעהט ביי שרה'קען אין מח, ווי א וועווירקע אין א שטיינעל, זי נישט מיער געמאכט און וואס טיעפער זי האט דעם געדאנק געוואלט בעגרייפען, אלץ איינגעקארטשעטער איז ער געווארען, פערשוואונדען צווישען די פינגער און זי איז תמיד צוריק געקומען צום אנהויב — אז זי טראגט.

זי איז געווען איבערצייגט, אז א קינד וואס האלט ביים גע־בארען ווערען אהן דער מוטער'ס ווילען, עפעס דורך א צופאל, מוז זיין אן אידיאט, א פערזעהעניש — האט זי זיך איינגעשנורע־רעוועט אין א קארסעט מיט שטאהלענע סטאלקעס, גענומען הייסע מושטארד בעדער, געשלעפט משא, זיך געקייקעלט אין שנעע — קיין זאך האט נישט געהאלפען.

זי איז געלעגען אויף'ן בעטעל א פערוויינטע און יעדעס מאל, ווען די טרערען האבען זיך ביי איהר א נאס געטהון, האט זי גע־האט דאס געפיהל, אז ס'קינד וועט געבארען ווערען אהן אויגען. און אז זי האט זיך גוט אויסגעוויינט, געבליבען ליגען אהן כחות, איז איהר תמיד לייכטער געווארען, און זי האט אנגעהויבען צווייפ־לען, צי זי טראגט, אז דאס רעדט זי זיך אליין איין. ווען זי וואלט געטראגען, וואלט זי זיך מסתמא ניט גוט געפיהלט, עפעס וואלט זיך אין איהר גערודערט, געשטויסען און דא — ווי קיינמאל גארנישט. און אפשר טראגט זי א פערזעהעניש וואס באוועגט זיך נישט? זי האט דאך אליין געהערט ווי א פישעריז האט גע־

בארען... ס'איהר קאלט געווארען, נישט געוואלט טראכטען דער־
פון און זיך טיעפער איינגעגראבען אין די קישענס.

זי איז געווען נור מיט זיך, פארגעסען אז א חוץ איהר עקזיס־
טירט נאך א וועלט, אז מענשען אין שכנות, מענשען איבער דער
וואנד אינטערעסירען זיך מיט איהר, האלטען זי אין איין דערמא־
נען, אז זי, שרה'קע, פילט אויס זייער לעבען. ברוך'ן האט זי
מעהר נישט צוגעלאזען צו זיך, נישט געקענט קוקען וואו ער איז
געשטאנען, פיינט געקראגען זיין קול, זיין גאנג, נישט געוואוסט
וואס ער האט פון איהר געוואלט און בעשלאסען, אז זי מוז זיך
מיט איהם פאנאנדערגעהן. וואס ער האט נישט געטהון, צוגעזאגט,
אלץ האט זי דענערווירט, געזעהן, אז ער איז נאריש, אומגעלום־
פערט, אז ווי ר'נאך האט זי זיך געקענט פערגעסען? אויב ס'זאל
אמת זיין, וועט זי ניט ארויס פון דעם צימער, זיך קיינעם אויף
די אויגען ניט ווייזען, אפילו ניט ברייגנען! נו, טאקע, ווי וועט
זי זיך ווייזען ברייגע'ן אויף די אויגען מיט א בויך? נישטא
קיין מיאוס'ערע בעשעפעניש ווי א טראגעדיגע פרוי! די פליי־
צעס איינגעפאלען, די פיס דיק, ריהרען זיך ווי קלעצלעך, ס'פנים
צושוואומען, ווי ביי א טראגעדיגע קאץ, די נאז־לעכער גרעסער, ציי־
טערען — — — זי האט א קוק געטהון אין שפיעגעל וואס האט
געהאנגען איבער איהר בעט, געמאכט גרימאסען מיט'ן פנים, מיט
דער נאז, נישט געפונען קיין ענדערונג און איז אראפ פון בעטעל.
זי האט זיך אפגעשלאסען, אראפגעווארפען די מלבושים און גע־
בליבען א נאקעטע שטעהן פאר'ן שפיעגעל. א טראגעדיגע קאץ,
וואס איז געלעגען אין דעם אפשיין פון צוברענטע קאכעל־אווי־
ווען און זיך געווארעמט, האט זיך איבערגעצויגען און מיט איין
ציה זיך גענומען רייבען מיט דער אנגעוואו יממער פעל אן שרה'־
קעס נאקעטע פיס. שרה'קע האט פעררייסען די הענד, ארומגענו־
מען דעם שווערען קנויל מיט האר וואס איז נאכלעסיג געלעגען ביי
איהר אויף'ן קארק, און געזעהן אין שפיעגעל ווי א בויגיגע ליניע
שניידט זיך פון איהר האלז ביז איבער די קנעכלעך. מיט יערען
דרעה פון קערפער, מיט יעדען בויג, האט די ליניע אנגענומען

פערשיעדענע פארמען, זיך נישט צושוואומען און ס'איז איהר לייכ־טער געווארען. דאס האט אנגעהאלטען א רגע. טיעף אין דער נשמה האט זיך עפּעס גערעגט, אונטערגעזאגט, אז פרויען אין די העכערע מאנאטען ווערען אזוי צויאוירען, אז די ליניען פערלי־רען זיך, צושווימען, ווערען פערגאסען מיט געשווילעכץ.

זי האט זיך אראפּגעלאזט צו דער קאץ, זי געגלעט איבער'ן נארישען קעפּעל, איבער'ן צו ברייטען רוקען, האט די קאץ גע־דרעהט מיט'ן עק, אונטערגעהויבען א פיסעל, געווארטשעט פון נחת און זיך אויסגעצויגען אין דעם אפשיין פון צוגליהטען אוי־ווען. די קאץ איז געבליבען ליגען אויף'ן רוקען, פארווארפען די פיס און אויף'ן אנגעצויגענעם בויך האבען זיך ארויסגעפּרעסט קעפּלעך, פיסלעך, זיך געפּאלדעוועט, צוריק איינגעפאלען. די קאץ האט פון גרויס הנאה ברייטער פאנאנדערגעריסען די פיס, פער־זשמורעט די אויגען, געווארטשעט פון פערגעניגען און אונטער־געשטעלט דעם בויך אונטער דער היץ וואס האט זיך געפּאקט פון אויווען.

שרה'קע איז לאנג געשטאנען איבער דער קאץ, געקוקט אין די פערזשמורעטע אויגען וואס האבען נישט אויפגעהערט צו ציטע־רען, געווען דורכגענומען מיט א רחמנות געפיהל און איהר בע־שלום נישט צו האבען א קינד איז געווארען שטארקער.

צייט ברײנע האט באמערקט אז שרה'קע מיידעט אויס די שטובינע איז זי אומגעגאנגען ווי אהן א קאפּ. זי האט זיך אנ־געשטויסען וואס ס'איז, געווען אבער אזוי בעשיידען, אז כאטש זי איז שוין געווען איבער די זיבעציגער האט זי זיך נאך אלץ געשעהמט צו פערפיהרען א שמועס מיט שרה'קען. עטליכע מאל א טאג איז זי אריינגעקומען צו איהר, אהן ווערטער זיך געזעצט אויף'ן בעטעל, כלומרשט געפרעגט צו זי וועט נישט נעהמען עפּעס אין מויל אריין. איצט האט זי זיך געמאכט הארץ און ארויסגע־לעגט א האנד אויף שרה'קעס קאפּ:

— וואס איז, שרה'קע בייזט עפּעס נישט מיט אלעמען? איך מיין, מען דארף אפשר אריבערשיקען נאכ'ן דאקטאר?

— איך וויל קיין דאקטאר נישט! — האט שרה׳קע זיך א נערוועזנע ווארף געטהון.

— און אפשר גאר אריבערשיקען נאך דער אלטער מינאצקין? וואס אנבעלאנגט פרויען וויים זי פונקט וויפיעל א דאקטאר!

שרה׳קע איז רויט געווארען, זיך געכאפט אז ברײנע וויים דאס זי טראגט, אנדערש וואלט זי נישט געהייסען שיקען נאך דער אלטער באבע, וואס נעהמט אפ קינדער אין דארף און מיט אמאל זיך א פרעג געטהון:

— דער טאטע וויים אויך?

— וואס מיינסטו?

— כ׳מיין — האט שרה׳קע נישט געוואוסט ווי זיך צו האלטען, מורא געהאט אז זי אליין זאל זיך נישט פער׳מסר׳ען, טאמער וויים ברײנע פון גאר נישט און איז רויט געווארען — צו וואס הייסטו עפעס שיקען נאך מינאצקין?

— איך זעה אז דו פאלסט אפ פון טאג צו טאג, טראכט איך, א יונגע ווייבעל, איך וויים — האט די אלטע אראפגעלאזט די אויגען — וואס מיינסטו קען עס דען שאדען אז זי וועט קומען?

— מיינסט אז כ׳טראג? — האט שרה׳קע אויסגעשאסען.

— ס׳איז חס וחלילה קיין פארברעכען — איז די אלטע געווארען דרייסטער — האסט זיך נישט וואס צו שעהמען. לויטערע רבנים האבען דיר אפגעגעבען חופה־קדושין, אויף אלע אידישע טעכטער געזאגט!

— כ׳וויל נישט — האט שרה׳קע זיך א קרום געטהון ווי א קראנק קינד, ווען מען שטעהט איבער עם ס׳זאל איינגעהמען א רפואה.

— וואס ווילסטו נישט, נארעלע דו? — האט ברײנע זי גע־גלעט איבער׳ן קאפ.

— כ׳וויל נישט טראגען!

— כא, כא, כא! — האט די אלטע זיך צולאכט — טראגסט דען?

— כ'ווייס נישט!

— נישטא ווער ס'זאל לאכען — האט די אלטע זיך געווישט די אויגען — אנדערע מאמעס לאזען זיך קאסטען א פארמעגען צו האבען א קינד, מען דאקטערט זיך, מען פאהרט צו רביים און דא אז גאט גיט אז מען האט צום יאהר א קינד איז אן אומגליק? אוי, שרה'קע, שרה'קע, זיי מיר מוחל, ביזט געבליבען די זעלבע ווילדע ציעג ווי ביזט געווען! כ'האב געמיינט, כ'ווייס וואס? און דא א יונג ווייבעל, דארפט ליבען דעם אויבערשטען פאר זיין חסד. און דו שווייגסט! ס'זאל זיין אין א מזל'דיגע שעה, הערסט שרה'קע, כ'געה שוין אריין צום טאטען, לאז ער אויך האבען נחת!

— געה נישט! — האט שרה'קע זיך אויפגעזועצט.

— פארוואס זאל איך נישט געהן — אז דו וועסט געהן — — — — האט שרה'קע נישט געענדיגט.

— טא וואס וועט זיין?

— כ'וועל נישט האבען קיין קינד! — האט זי זיך צוריק אויסגעצויגען אויף'ן בעטעל.

— וואס? — איז די אלטע צוריק צוגעגאנגען צו איהר — ווילסט נישט האבען קיין קינד, האסטו נישט געדארפט חתונה האבען! א נייע משוגעת! וואס פאר א מענש וויל דאס נישט האבען קיין קינד? כ'רעד שוין פון מיין גאל, מענשען פון דער אלטער וועלט, דו האלסט נישט פון זיי, נעהם דיינע מענשען — האבען נישט אלע קיין קינדער? אפילו א קייסערינע האט אויך קינדער! געהערט? דאס האט זיך מיר גאר נישט געחלום'ט! האסט געוואלט זיין קלוגער פון דער גאנצער וועלט, האסטו נישט געדארפט חתונה האבען!?

— איהר האט מיך חתונה געמאכט!

— טאַכטערשי, ס'האָט דיר קיינער נישט געגייט! איבע־רינגענס, זעהסטו דאָך, האָסט געוואָלט זיין קליגער פון אַלעמען און טראַגסט אויך. אַזוי איז שוין דער סדר פון דער וועלט. ווייבער זיינען בעשאַפען געוואָרען אַז זיי זאָלען טראָגען, אַז נישט וואָלט געווען אויס וועלט! אַז גאַנצע טעג ביזטו פערטהון אין דיינע פוילישע ביכער, ווען דו וואָלסט אַריינגעקוקט אין אַ טייטש־חומש וואָלסטו אפשר צו דעם נישט געקומען. צו וואָס מיינסטו האָט גאָט בעשאַפען חוה'ן? אדם האָט דאָך געקענט זיין אַליין? זאָגט די היילינגע תורה, אַז אַ מענש אַליין איז סמוטנע, ער דאַרף האָבען אַן אַרויסהעלפער, דאַרף געבוירען קינדער, אַנדערש וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נישט געהאַט... וואָס לאַכסטו? ביזט שוין קלוגער פון דער הייליגער תורה אויך? אויב אַזוי — האָט די אַלטע אַ ציה געטהון מיט די אַקסלען — אי שרה'קע, שרה'קע, זינדיג נישט...

נאָכ'ן שמועס מיט בריינען האָט שרה'קע באַמערקט אַז אַלע אין שטוב ווייסען דאָס אַז זי טראָגט. מען האָט אָנגעהויבען צו רעדען מיט איהר ווייכער, איהר נאָכגעטראָגען וואו זי איז געגאַנגען אַ שטוהל, אַ פוסען־בענקעל, זי נישט געלאָזט הויך רעדען; קיין זאַך נישט אויפהויבען און שרה'קע האָט געהאַט ס'געפיהל אַז מען וועט זי באַלד אַריינשטעלען אין שויבען־שענקעל צווישען דעם זילבער, אַז מען זאָל נור קוקען אויף איהר און נישט אָנריהרען. אפילו ברוך וואָס איז די גאַנצע צייט געווען אָנגעבלאָזן אַרומגעגאַנגען אַז אָנגעשטויסענער אויף דער גאַנצער וועלט, אפילו ער איז איצט געוואָרען ווייכער, זיך געפיהלט דער שולדיגער אין אַלעם און געגלויבט, לאָז שרה'קע נאָר האָבען דאָס קינד וועלען איהרע אַלע נאַרישקייטען אַרויס פון קאָפּ און זי וועט ווערען אַן אַנדערע.

פאַרטאָג האָט ער איהר שוין צוגעטראָגען אין בעט אַריין באַ־ווארקע מיט קאָניאַק, געגאַנגען אויף די שפּיץ־נעגעל, ער זאָל זי נישט אויפוועקען, פלייסיגער געאַרבייט אין וואָלד, געפיהלט אַז ער פונדעוועט זיך איין, אַז מיט'ן קינד'ס געבוירען ווערט ער אַן

אמת'ער בעל הבית. ביי נאכט האט ער זיך אפט געבעטען ביי איהר:

— שלאפסט, שרה'קע!

— וואס איז?

— ביזט נאך אלץ ברוגז?

— כ'וועל אייביג זיין ברוגז.

— וואס בין איך שולדיג?

— אז כ'האב דיך נישט ליעב.

— זאג, וואס זאל איך טהון אז דו זאלסט מיך ליעב האבען?

— כ'ווייס נישט — — —

— ועסט זעהן, שרה'קע קרויז, וועסט ווערען אנדערש...... דארפסט אויסטהון די קינדערשע שיכלעך, נעהסט דאך באלד ווע־רען א מאמע...

— רעד מעהר נישט דערפון!

— גוט, כ'וועל מעהר נישט רעדען, אבי ערגער זיך נישט!

— אז כ'וועל נישט ווערען קיין מאמע!

— וואס דען וועסטו ווערען? — האט ער כלומרשט געשמיי־כעלט.

יי האט נישט געענטפערט, זיך אויסגעדרעהט, זיך געמאכט שלאפען. ער איז געבליבען זיצען אויף'ן בעט, זיך געפיהלט דער אומגליקליכסטער, געציטערט פון קעלט. אין שטילען צימער האט זיך געהערט ווי עס קלאפען ביי איהם א צאהן אן א צאהן.

— וואס געהסטו נישט שלאפען? — האט זי זיך מיט אמאל אויסגעדרעהט.

— כ'וועל אזוי זיצען א גאנצע נאכט.

— וועסט דאך זיך צוקיהלען?

— כ'וויל קראנק ווערען אויף לונגען אנצינדונג.

— כ'בעט דיך, ברוך, געה שלאפען — — —

— כ'וועל נישט געהן!

— פארוואס?

— ווייל — — —

— נעה, ברוך, — האָט זי איהם נעגלעט א האַנד.

— טאַ לאָמיך אריין...

זי האָט ניט געענטפערט, זיך א רוק געטהון צו דער וואַנד, ווי־ זי וואָלט פאַר איהם געמאַכט פּלאַץ, זיך גערדרעהט אונטער דער־ פוכאווער איבערדעק און זיך פארגעסען.

— 13 —

קראנענבערג.

אזוי איז אוועק א חודש נאך א חודש. זי האט זיך ביסלעכ־ווייס צגעוועהנט צום געדאנק, אז זי טראגט און אז זי האט צום ערשטען מאל דערפיהלט ווי עפעס לעבעדיגעס טהוט זיך א ריהר ביי איהר אונטער'ן הארץ, איז איהר אזוי ווארעם געווארען, גע־ווארט אז עס זאל זיך נאך אמאל איבער'חזר'ן און אליין נישט פערשטאנען פארוואס ס'איז איהר ביז איצט געווען אזוי דער־ווידער. יעדעס מאל ווען ס'קינד האט זיך א ריהר געטהון, האט זי געהאט דאס געפיהל, ווי זי וואלט אויף א רגע א כאפ געטהון אין דער האנד אריין א לעבעדיג פישעל, ס'פישעל טהוט זיך א צאפעל, גליטשט זיך ארויס און פערשווינדט. זי האט געבענקט נאכ'ן צא־פעל, און ווי א פערליעבטע וואס זיצט שעה'ן אין פענסטער און קוקט זיך די אויגען אוים דער געליעבטער זאל אנקומען, אזוי האט שרה'קע געווארט אז דאס פרעמדע נפש'ל, וואס עס האט זיך איהר אנדערש נישט פארגעשטעלט ווי אין דער פארמע פון א פישעל, זאל זיך א ריהר טהון, צעווארעמען ביי איהר אלע גליעדער. ווי פון זיך האט זי גענומען חלום'ען אז ס'וועט דוקא זיין א אינגעל, מיט א קאפ שווארצע האר, און ס'איז איהר דורך דער גאנצער צייט ס'ערשטע מאל אויף זינען געקומען קראנענבערג. ווען ניט ער וואלט זי אפשר צו דעם אלעם ניט געקומען. ער האט זיך א שפיעל געטהון מיט איהר אהן ווערטער, איהר פערדרעהט דעם קאפ מיט א שעהנעם זשעסט און אז זי איז גרייט געווען נאכצוגעהן וואו ער וועט נור ווע‍לען, האט ער זי אפגעשטעלט צוריק צו'ם מאן,

קיין ווארט נישט אויסגערעדט, ווי זיי וואלטען געווען ווילד־פרעמדע, האט זי פון ערגערניש און אפשר קראַנענבערג'ן אויף צו להכעים זיך פערגעסען. א פערלאַנג האט זי איצט ארומגענומען אז זי מוז זיך זעהן מיט איהם, אז זי וועט זיך ניט שעהמען וואָס זי טראָגט, וועט איהם גלייך קוקען אין די אויגען, זיך רייצען, אז שולדיג אין אלעמען איז ער. זי האט געשיקט רופען וואַצעקען:

— מיר האבען א זאטעל?

— ס'ארען?

— א דאמסקען.

— ניין, טהייערע פאני.

— טאַ פאהר אריבער צום יונגען קראַנענבערג און זאָג איהם אז איך האב געבעטען ער זאל מיר אנטלייען א זאטעל.

— שוין?

— יא. ווארט! — האט שרה'קע גענומען זוכען טינט און פעדער — כ'וועל דיר מיטגעבען א בריוועל.

זי האט אנגעהויבען שרייבען, צוריסען איבער א טוץ ביינעלער פאפיער און א דענערווירטע זיך געווענדעט צום פויער:

— פאהר אזוי!

אז דער פויער איז ארוים פון הויז האט איהר באַנג געטהון דער גאַנצער עסק. זי האט זיך כלומרשט געדרעהט, איהם געוואלט צוריקרופען, עטליכע מאל צוגעלאָפען צום פענסטער, וואס איז ארויסגעגאַנגען אין סאַד אריין, דורך וועלכען זי האט געוואוסט אז זי קען איהם נישט זעהן, זיך אזוי לאַנג געפּארעט, ביז דער פויער איז פערשוואונדען פון הויף אויף א שליטען. פון חרטה איז איהר אזש ווארעם געווארען, געפיהלט אז זי איז שוין מעהר קיין מיידעל, זי דארף נישט דעם זאטעל, וועט נישט רייטען, אז אין דעם שטעקט עפּעס, וואס זי אליין ווייס נישט, און ניט ווי־לענדיג אריינגעגאַנגען זיך איבערטהון. צום ערשטען מאל זייט זי האט אנגעהויבען טראָגען האט זי זיך איבערגעטהון. זי האט זיך איינגעצויגען אין א ווייכען קארסעט, זיך אנגעטהון א קלייד

ביז צום טרים, און קוקענדיג אין שפיגעל האט זי זיך געוואונ־
דערט ווי יונג זי זעהט אוים, קיינעם וועט נישט איינפאלען אז זי
שוואנגערט.

— וואס האסטו זיך עפעס אזוי אויסגעפוצט? — האט בריי־
נע פערביינעהענדיג זיך אפגעשטעלט.

— זעה איך נישט אוים ווי א מיידעל? — האט שרה׳קע זיך
א שטעל געטהון, און געווען גליקליך וואס זי פוצט זיך פאר קרא־
נענבערג׳ען.

— טהו שוין אוים דעם קארסעט, — איז ברײנע צו איהר צו־
געשטאנען — וואס! ווילסט דיר דוקא א מעשה אנטהון, זעה נור
ווי זי האט איינגעשנורעוועט!

בריינע האט גענומען לויז מאכען די טאשמעס פון קארסעט.
איהם אראפגעשלעפט, איהם געהאלטען מיט צוויי פינגער, ווי זי
וואלט זיך געמיגעלט און צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ:

— דער וואס האט אויסגעטראכט אזא נשמה קוועטשער וועט
אויך פון גיהנום ניט ארוים!

שרה׳קע האט זיך איבערגעטהון, ארויפגעווארפען אויף זיך א
שווארץ זיידען קלייד, מיט לויזע, ברייטע ארבעל, ווי א יאפאנעזי־
שע נאברעלא און אליין זיך געוואונדערט פאר וועמען זי פוצט
זיך אזוי. ס׳הארץ האט איהר געזאגט אז נאך היינט וועט זי זיך
זעהן מיט קראנענבערג׳ן.

אין א שעה ארום איז א שליטען פערפאהרען און זיך אפגע־
שטעלט נעבען דער וועראנדע מיט א קנאק. שרה׳קע איז געבלי־
בען זיצען אהן אטעם און זיך ניט געריהרט פון ארט. זי איז
געווען זיכער אז קראנענבערג איז דא, פערביסען די ליפען, געטא־
מעוועט אין זיך יעדען סימן פון בעגייסטערונג. ווי ס׳וואלט איהר
קיין זאך ניט אנגעגאנגען. און א רוהיגע, ווי א געטין, איז זי
איהם אנטקעגען געגאנגען.

— כ׳האב געוואוסט אז איהר וועט קומען — האט שרה׳קע
איהם געגעבען די האנד.

— אז איך האב ניט געוואוסט, פון וואנען האט איהר גע־

קענט וויסען? — האט קראַנענבערג זיך צוגעבוינגען צו דער האנד און לייכט אַ קוש געגעבען.

— זעהט איהר דאך! — האט שרה'קע קוים אַ שמייכעל געטהון, זיך וואוילעריש אויסגעדרעהט און געוואָרען ערנסט — דעם זאטעל האט איהר געבראַכט?

— איהר רייט דען?

— כ'רייט.

— כ'האַב געבראַכט אַ דאַמסקען זאטעל, נור די וועגען זיינען אזוי אויסגעטרעטען, אַז כ'וואָלט אייך נישט געראַטען צו ריי־טען.

שרה'קע האט דערפיהלט זיינע אויגען אויף איהר בויך, געווען זיכער, אַז דאָס רעדט ער איהר אָפּ פון צו רייטען, ווייס מסתמא אַז זי איז אין די העכערע מאַנאַטען. און איז רויט געוואָרען. אַ פּער'עקשן'טע האט זי פון איהם קיין אויג ניט אַראָפּגענומען, ווי זי וואָלט געזאָגט — נו, אַז איהר ווייסט, טאַ וואָס איז? — פּער־פלאָמט געוואָרען ביז איבער די וואָרצלען פון די האָר. זי האט גע־וואוסט אַז זי מוז נאַריש אויסזעהן, דאַרף שווייגען, און אויף צו להכעיס זיך געפּרעגט:

— און אַז דער וועג איז שלעכט טאָר מען נישט רייטען?

— פערד האַלטען אין איין פאַלען.

— איז וואָס?

ער האט אַ שמייכעל געטהון, ס'איז איהם אפנים געפעלען איהר קינדערשע איינגעשפּאַרטקייט און ער האט זיך אָנגערופען:

— אויב איהר ווילט, וועל איך אייך בעסער מיטנעהמען אויף מיין שליטען.

— וואו פאָהרט איהר דען? — האט זי איהם איבערגעהאַקט?

— כ'פאָהר בעזוכען אַ קאַלעגע — ער איז געפעהרליך קראַנק.

— טאַ ווי קום איך אַהין?

— אַז איך לאָד אייך איין, — האט קראַנענבערג אַ מאַך גע־טהון מיט דער האַנד, נישט דערענדיגענדיג, ווי ער וואָלט זיך גע־איילט — טהוט אייך וואַרעם אָן און קומט.

— נייז, כ׳וועל נישט פאָהרען.

— וועל׳ן מיר זיך אַזוי דורכשליטלען.

— דאָס יאָ.

אַז זיי זיינען געזעסען אין שליטען האָט שרה׳קע כמעט ווי זיך געבעטען:

— נור פאָהרט נים אַזוי שנעל.

— בייטאָג פאָהר איך קיין מאָל נים שנעל — האָט ער שטיל געענטפערט און איבערגעקניפּט די לייצען.

אויף׳ן שאָסע האָבען זיך די פערד צוהירזשעט, זיך פערנאַנ־דערגעטרייסעלט און דער שליטען האָט זיך געהאַלטען אין איין וויעגען אַרויף און אַראָפּ, איבער דעם ערטערווייז אויסגעטראָטע־נעם שאָססע.

— אייער קאָלעגאַ איז טאָקע אַזוי געפעהרליך קראַנק?

— האָט סוכאָטע. זיך געוואַלגערט יאָהרען אין סיביר, אונ־טערגעהונגערט, זיך צוגעקיהלט אין טורמע און איצט אַז מען האָט איהם בעפרייט...

— ביי וועמען איז ער? — האָט שרה׳קע איהם נים געלאָזט ענדיגען.

— ביי פריינד. ס׳איז אַ גאַנצע געשיכטע — האָט קראָנענ־בערג איינגעדרעהט די פערז׳ צום וואַלד צו — ער איז געקומען צו־ריק פון סיביר מיט אַ פרוי, זעהר אַ וואויל מיידעל, אַ אידישע — — — —

— און ער?

— ער איז אַ פּאָלאַק. ווען איהר קענט איהם איידער מען האָט איהם אוועקגעשיקט נאָך סיביר! דאָס איז געווען די גוטסקייט אַליין! היינט אויף׳ן טויטען־בעט ליעגט איהם נור איין זאַך אין זינען — דאָס פּוילישע פאָלק. ער גלויבט, אַז דאָס פּוילישע פאָלק קומט אָפּ, פונקט ווי יעזוס, פאַר די זינד פון אַלע דריי פעל־קער, טענה׳ט, אַז פּאָלאַקען, אידען פראַנצויזען, די דריי פעלקער, וואָס ליידען אַם מייסטען, וועלען ברענגען משיח׳ן. ער איז געוואָ־רען אַן אָנהענגער פון טאָוויאַנסקי׳ן, וואָס האָט אַ וועלט פער־

פיהרט מיט זיינע נביאות וועגען משיח'ן און מערקווירדיג, מיין קאַ־לענא האָט דעם זעלבען טאָוויאַנסקי'ן ביים לעבען געהאַלטען אין איין פערפאַלגען.

— וועמען?

— טאָוויאַנסקי'ן. ער האָט מיט זיין מעסיאַנסטוואָ בעאיינ־פלוסט די גאַנצע פוילישע אינטעליגענץ פון ערשטען העלפט פון נייַנצענטען יאהרהונדערט. מיצקעוויטש, קראַשינסקי און טהייל־וויז סלאָוואַצקי האָבען איהם פארגעטערט, זיך צוגעהערט צו יע־דען וואָרט זיין'ס און איהם בלינד געפאָלגט ווי אַ פרומער איד די תורה. ס'קען זיין אַז דאָס איז געווען דער לעצטער נביא פון אונזער צייט.

— פאַר וואָס ווערען מענשען אויף דער עלטער פרום? — האָט שרה'קע מיט אַמאָל אַ פרעג געטהון — אוים מורא פאַר'ן טויט?

— כ'גלויב נישט, מיין קאָלעגא זאָל מורא האָבען פאַר'ן טויט — האָט קראַנענבערג געשמייכעלט ווי ר'נאָך שרה'קע האָט אוועק־געשטעלט די פראַגע — אויף אַ מענש וואָס האָט נישט איינמאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגען, קען מען דאָס נישט זאָגען. כ'ווייס, יאהרען געווען אַ רעוואָלוציאָנער, געשאָסען אַ פאַר מענ־שען, איז עס זעהר מענשליך מען זאָל סוף כל סוף חרטה האָבען, מען זאָל זיך ענטטוישען אין די אָרומיגע און ווערען אַ בעל־תשובה. כמעט די שעהנסטע טהוערס פון יעדער רעוואָלוציע, אויב זיי זיי־נען נור נישט גע'הרג'עט געוואָרען, זיינען געבליבען בעלי־תשו־בות. נור אַ דעמאַגאָג און אַ נאַר קען ס'גאַנצע לעבען גלויבען, אַז די ישועה וועט און מוז קומען פון פראָלעטאַריאַט. איהר דאַרפט מעהר, נעמט אייער פאָטער? — האָט קראַנענ־בערג אַ בליץ געטהון מיט די אויגען און דאָס פולע מויל מיט שאַרפע צייהן האָט דערמאָנט עפּעס אַדלערשעס.

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען, אַ טרייב געטהון די פערדה, גע־עפענט ס'מויל, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט און זיך אויס־געדרעהט מיט'ן פּנים צו שרה'קען.

— כ'וועל אייך עפעס דערצעהלען, ווען איהר זעהן וואס פאר א מענש מיין קאלעגא איז. אז ער איז צוריקגעקומען פון סי־ ביר, א צובראכענער, א קראנקער, האט רוטקאווסקי, דער רימא־ קער שרה, אויך א געוועזענער רעוואלוציאנער, איהם פערבעטען מיט'ן ווייב צו זיך. (זיי האבען אפגעוואוינט א פאר וואכען צו־ זאמען), האט מיין קאלעגא באמערקט ווי צווישען זיין יונגער ווייב און רוטקאסקי'ן פלאנטערט זיך עפעס. וואס וואלט א צווייטער געטהון? געמאכט סקאנדאלען, אוועק מיט דער ווייב, אויב ער וואלט זיך געקענט העלפען, זיך געשלאגען מיט רוטקאווסקי'ן ווי ס'פיהרט זיך. מיין קאלעגא האט אפגעווארט א צייט, ווען נאהנ־ טע בעקאנטע זיינען געזעסען ארום טיש, צוגעפיהרט זיין ווייב צו רוטקאווסקי'ן און דורכאויס פערלאנגט, קושענדיג זיי די הענד, זיי זאלען זיך נישט פיהלען שלעכט אין זיין געגענווארט, בלייבען פריינד, אז ער וועט זיי נישט זיין אין וועג, פערקעהרט, ער וועט זיין דער גליקליכסטער, וואס ער האט געקענט פערשאפען זיינע פריינד פערגעניגען. און ער האט דאס געטהון אזוי קינדיש, אזוי הארציג, אז אלע זיינען געבליבען זיצען שטומע ארום טיש, מיט טרערען אין די אויגען. כ'ווייס ניט וואס ביי איהם איז הארץ האט זיך געטהון, איך וואלט אויף דעם אפשר ניט פעהיג געוועזן, נור פון יענעם אבענד אן פערהאלט ער זיך צום געוועזענעם ווייב און צו רוטקאווסקי'ן, ווי צו א ברודער און א שוועסטער, פיהלט זיך פריי אין זייער געגענווארט. גאנצע טעג לייענט ער די ביבעל, טאווי־ אנסקי'ס נביאות און אויסצוגען פון מיצקעוויטש'עס „דזשאדי".

שרה'קע איז געווען גערידהרט, געטראכט, אז דאס דארף מען קענען, מען דארף האבען כח צו טהון אזא זאך. און פאר וואס זאל עס זיין אנדערש? ער איז קראנק, צובראכען, ס'ווייב איז יונג, די אידעאלען פאר וועלכע זיי האבען צוזאמען געארבייט, זיינען לאנג פערשוואונדען, רוטקאווסקי איז מסתמא אויך יונג און אז זיי האבען זיך ליעב, פאר וואס זאל מען זיי שטערען? זי האט זיך נור ניט געקענט פארשטעלען, אז דאס זאל זיין א אידיש מיי־ דעל.

זיי האבען מעהר נישט גערעדט, זיך נעהנטער צוגערוקט אייגער צום צווייטען. דער שליטען האט זיך האסטיג געטראגען און וואס טיעפער ער איז אריין אין וואלד אלץ טונקעלער איז געווארען. דאס געשריי פון די ווארנעס וואס זיינען געזעסען אויף די נאקעטע, פערשנעעטע ביימער, פעריסען די שנאבלען און געקראקעט, האט אונהיימליך געקלונגען איבער׳ן וואלד.

שרה׳קע האט דערפיהלט אויף זיך קראנענבערג׳ס בליק, גע־הערט ווי ער פרעגט:

— איהר האט געווארט אויף מיר?

— ניין.

— איהר ווילט נישט צוגעבען.

— וואס פאלט אייך איין?

— כ׳וויים אליין נישט. כ׳בין אבער זיכער — — —

— אז וואס ?

— אז — — — ווארנעס זיינען פערשאלטענע נשמות!

— זאגט, אז וואס? — האט שרה׳קע זיך געפיעשטשעט און איהם אנגענומען פאר א האנד.

ער האט נישט געענטפערט, צוגעלייגט איהר האנד צום מויל און לאנג געקושט.

זי האט די האנד נישט צוגענומען.

קראנענבערג האט אויסגעדרעהט. זיי האבען כמעט דעם גאנ־צען וועג אהיים געשוויגען און דאס שווייגען האט שרה׳קען נאך מעהר דערנעהנטערט צו איהם. געפיהלט אז טויזענדער פעדים אונזעהבארע, בינדען זי מיט איהם. ער האט זי צוגעפיהרט צום הויז, זי אראפגענומען און זיך פערנזיגט:

— איצט וועל איך צופאהרען צו מיין פריינד.

— לאזט איהם גריסען.

— אויב איהר האט נישט דאגעגען, וועל איך נאך אפשר היינט אין אבענד צו קומען.

— קומט צו.

— צו׳ם ווידערזעהן

ברוך האט זיך גארנישט געקענט העלפען. כמעט יעדען אבענד ווען ער איז אהיים געקומען פון וואלד, האט ער ביי זיך געטראפען קראנענבערג'ען. ס'ערשטע מאל, אז ער איז אריין צו שרה'קע און איהם דערזעהן זיצען אין בלויזען קאפ, האט ער זיך אזוי פערלוי־רען אז ער האט אנגעהויבען צו שטאמלען, געוואלט צוריק ארויס און פון גרויס צורודערקייט ארויפגענומען דאס היטעל.

— דו קענסט דאך הערר קראנענבערג'ען? — האט שרה'קע איהם ארויסגעהאלפען.

— געוויס, מיר קענען זיך איז ער אונטערגעגאנגען און איהם גערריקט די האנד.

ער איז געווארען אויפגערוימטער. מעשה בעל הבית איבער־גערוקט א שטוהל, געזעסען א רגע, באלד זיך ווידער אויפגעשטעלט און קוקענדיג אויף שרה'קען, זיך סתם א פרעג געטהון:

— וועט מען אפשר טרינקען טהעע?

— גוט, — האט שרה'קע זיך געטוליעט אין א טערקישען שאל

— זיי טאקע אזוי גוט און היים אריינברייננגען.

ער איז אויפגעשפרונגען, ווי א לעהר־איננגעל וואס וויל אויס־נעהמען ביים בעל הבית, זי מעהר נישט איבערגעפרעגט און מיט גיכע טריט ארויס פון צימער.

שרה'קע האט באמערקט ווי קראנענבערג קוקט אויף איהר. זוכט איהר בליק, האט זי אויף צו להכעיס זיך געמאכט נישט זע־הענדיג, געצופט די פראנזען פון שאל, מיט אמאל א הויב געטהון אייז אויג, זיך אנגעטראפען מיט'ן קראנענבערג. זיך געמאסטען א ווייל, צוזאמען נאכגעלאזט אוןביידע האבען זיך דערפיהלט האמיש.

ברוך האט אריינגעבראכט טהעע, איינגעמאכץ, זיך ברייט אוועקגעזעצט און אפגעהוסט.

— מיר קענען נישט צוקומען צו דער אלשינע!

— וואס מיינט איהר?

— ס'איז אזוי גליטשיק אז מען קען זיך נישט דערהאלטען אויף די פיס.

— ס'וועט לאזען, נאך א וואך צוויי.

— איהר געהט טאקע פערקויפען דאס שטיקעל וואלד הינ־טער'ן בית־עלמין? — האט ברוך געוואלט אנהאלטען דעם שמועס.

— כ'וויים נישט.

— אייער לעשניק האט מיר נור וואס דערצעהלט.

— ס'קען זיין.

דער שמועס האט זיך נישט געצויגען, ברוך איז אנשווינגען געווארען, געטראכט אז ער קען נישט פארברענגען מיט קיין מענ־שען, געוואלט עפעס זאגען און וואס לענגער דער שווייגען האט זיך פערצויגען, אלץ שווערער איז געווארען אנצוהויבען. ברוך האט דערזופט דאס גלאז טהע, געווארפען מיט די אויגען פון שרה'־קען אויף קראנענבערג'ען, געקלאפט מיט'ן לעפעלע אן לעדיגען גלאז זיך געפיהלט, אז איבעריגער. אפגעמאכט ביי זיך נישט אוועק־צוגעהן. ער איז דער בעל הבית און אז איינער קומט צו איהם, מעג עס אפילו זיין דער קייסער אליין, דארף ער נישט זיצען אז אנ־געבלאזענער און ער האט זיך אויפגעשטעלט:

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, הערר קראנענבערג, ס'טהוט מיר זעהר לייד וואס איך דארף אוועקגעהן, זייט נישט ביי אונז קיין גאסט — און ער האט זיך געווענדעט צום ווייב — אז מען האט א גאסט איז מען מכבד, נישט מען זיצט ביי א ליידיגען טיש, וואס זאגט איהר הערר קראנענבערג?

— ס'מאכט נישט...

— א גוטע נאכט!

— א גוטע נאכט.

אז ער איז ארויס, האט זיך ביידען א לענגערע צייט אויס־געדאכט אז ער שטעהט הינטער דער טהיר, הערט זיך איין וואס דא קומט פאר. זיי האבען געשוויגען א פאר מאל זיך איבערגע־

קוקט„ איבערנעגאנגען אין א שמייכעל און ווידער געשווינגען. אין א ווײלע ארום האט זיך קראנקנבערג אויפגעשטעלט.

— איהר געהט שוין?

— צייט.

— וואס איז ס'געאייל?

— כ'ווייס אליין נישט.

— זיצט נאך.

— ניין, כ'געה. מיר זיינען דאך עפעס שטימונגס מענשען. איז ער צוגעגאנגען צו שרה'קען און איהר געגעבען די האנד — א גוטע נאכט.

זי האט געענטפערט מיט'ן קאפ, נאכגעקוקט, ווי ער איז ארוים און א לאנגע צייט געהאלטען די אויגען אין דעם חלל פון דער טהיר, ווי ס'וואלט עפעס נאך איהם פערבליבען. ס'האט איהר באנג געטהון וואס ער איז אוועק, געהאט פערדרוס פאר וואס זי האט איהם נישט געבעטען קומען און דערפיהלט ווי זי טרייסעלט זיך אין גאנצען. ס'איז איהר מיט אמאל געווארען אזוי ענג, רושנע, ווי ס'וואלט איהר אויסגעפעהלט אטהעם. אלץ ארום האט געדריקט, געוועזען דערווידער און ס'האט זיך געוואלט א געשריי טהון. ברוך האט געעפענט די טהיר אריינגעשטעקט דעם קאפ, געזעהען שרה'קען אזא פערזארגטע איז ער צוגעקומען:

— וואס איז? פיהלסט נישט גוט?

זי האט נישט געענטפערט אנגעשפארט דעם קאפ אין ווענטעל פון דעם שטוהל און זיך צעוויינט.

ברוך האט איהר געקושט די האר, געפאלען צו די פיס, זיך געבעטען:

— שרה'קע, כ'באשווער דיך, זאג מיר וואס איז דיר? שרה'קע, ס'האט דיך אימיצער בעליידיגט?

— לאמיך אליין.

— טא זאג מיר פארוואס דו וויינסט?

— כ'וועל דיר נישט זאגען!

— וועסט מיר יא זאגען!

זי האט נישט געענטפערט, זיך העכער צעוויינט. ברוך האט נישט געוואוסט וואס צו טהון, געשטאנען אז אונבעהאלפענער און זיך געבראכען די פינגער:

— שרה'קע, שרה'קע... וואס ווילסטו פון מיר? זאג, כ'וועל אלעס טהון, אבי וויין נישט!

— גט מיר.

— שפאסט? — האט ער צועפענט א פאר אויגען.

— ניין, כ'מיין ערנסט — האט זי אויפגעהויבען דעם קאפ.

— ווי זאל איך דיר גט'ען אז כ'האב דיר ליעב?

— איך האב אבער דיך נישט ליעב!

— ווערסט מיך ליעב האבען.

— קיינמאל נישט!

— וועמען דען האסטו ליעב?

— קיינעם נישט.

— האסט ליעב איהם?

זי האט פערשטאנען אז ער מיינט קראנענבערג'ען, געוואלט זאגען יא און איהם אנגענומען פאר א האנד:

— כ'שווער דיר אז כ'האב קיינעם ניט ליעב!

ער איז געווארען פון בלויזען בעריהרונג פון איהרע פינגער ווייכער, זיך צוגעזעצט אויף דער זעלבער שטוהל:

— איצט, ווען דו געהסט ווערען א מאמע?

— איצט!

— האסט גאר קיין רחמנות אויף מיר?

זי האט נישט געענטפערט, אנגעשפארט דעם קאפ אין זיין אקסעל. זיי האבען זיך ארומגענומען און זיך צעוויינט.

פון יענעם אבענד אז האבען זיי זיך כמעט ווי זיך אויסגענומי־דען, נישט גערעדט צווישען זיך און אז ברוך האט זיך באגעגענט מיט קראנענבערג'ען איז ער געווען אזוי פרעהליך. אז קראנענ־בערג האט זיך תמיד פערלוירען, געבליבען זיצען אין זיין געגענ־ווארט ווי א שולדיגער און זעלטען געקענט א ווארט אויסרעדען. ברוך איז יעדעס מאל צוליעב עטיקעטע געבליבען זיצען מיט קרא־

נענבערג׳ען עטליכע מינוט און תמיד פערפיהרט כמעט דעם זעלבען שמועס:

— און איהר האָט אַליין נישט אייער וואַלד?

— מען האָט נישט זאָגט איהר? — האָט זיך קראַנענבערג׳ען אַזוי דערעסען דער שמועס אַז פיעל מאָל האָט זיך איהם אויסגעדוכט אַז דער חסידישער יונגער מאַן איז גאָר נישט אַזאַ נאַר, אַז דאָס מאַכט ער פון איהם חוזק, ווייל איהם דענערווירען, שמועסענדיג וועגען געשעפט.

— וואָס דען, מען האָט יאָ?

— כ׳ווייס נישט.

— איהר אינטערעסירט זיך גאָר נישט מיט אייער אייגען געשעפט?

— כ׳מיש זיך ווייניג.

— טשיקאַווע, טשיקאַווע — האָט ער יעדעס מאָל געענדיגט, זיך מעהר נישט ענטשולדיגט און זיך אַרויסגעשאַרט ווי אַ שאָטען.

אַזאַ שמועס איז גענוג געווען קאַליע צו מאַכען ביי שרה׳קען און קראַנענבערג׳ען די שטימונג אויף אַ גאַנצען אָבענד.

---

— וואָס איז, פּאַניע קראַנענבערג? וואָס זייט איהר אַזוי צוטראָגען? — האָט שרה׳קע איהם באַגעגענט אַ פרעהליכע — מהוט אויס ס׳פּוטער!

— כ׳איל זיך.

— וואָס איז?

— מיין קאַלעגאַ האַלט זעהר שמאָל.

— וועל איך אייך נישט פערהאַלטען.

— איהר וועט אפשר מיטפאַהרען?

— כ׳ווייס?

— פאָהרט מיט.

נום.

אַז זיי זיינען אַריינגעפאָהרען אין הויף, געזעהען ווי פויערי[illegible]

שטעהען אין קופקעס מיט אראפגעלאזטע קעפ, שושקען זיך, איז שרה'קען קאלט געווארען, זי האט מורא געהאט צו טראכטען, אז זיי זיינען געקומען צו שפעט.

רוטקאווסקי, אין בלויזען קאפ, אין א שווארצען פראק, איז זיי אנטקעגען געקומען, א צוטראגענער צוגענומען זייערע מלבושים און איינגערוימט קראנענבערג'ען, אז ס'איז נאך אלעמען. קראנענבערג האט פארגעסען פארצושטעלען שרה'קען, ניט באמערקט ווי אין די צימערען זיינען געזעסען יונגע לייט, אלע אין שווארצען, זיך געלאנגווייליגט וואס ס'נעהמט אזוי לאנג און פון ערנסטע שמועסען וועגען טויט, האט מען זיך אנגעהויבען צו וויצלען, איבערגעגאנגען אין רכילות, און איינער האט אנגעוויזען אויף'ן צורודערטען רוטקאווסקי'ן, וואס איז פערבייגעלאפען:

— איבער איהם איז ער געשטארבען!

— מיינסטו עס מיט אן אמת?

— ער האט איהם צוגענומען ס'ווייב.

— כ'וואלט זי אויך צוגענומען?

— זי איז טאקע אזא שעהנע?

— האסט שוין געזעהן א פאלאק זאל זיך פערליעבען אין א מיאוס'ע זשידאווקע?

— נו, פארמאכט די מיילער, פארמאכט — איז א יונגער גלח, זייערער א קאלעגע אנטקעגענגעקומען — אין אנוועזענהייט פון טויט מוזען זיי אויך טרייבען רכילות.

— ווער איז דאס? — האט אימיצער געוויזען אויף שרה'קען.

— זעהט ניט אויס ווי א פאלקע.

— אפשר איהר'ס א שוועסטער.

— ס'קען זיין ס'דא אן עהנליכקייט.

— זי איז אבער שעהנער!

— אינגער!

— ר'ווייסט, א ווייב איז גוט צו האבען א פאלקע און פאר א געליעבטע דארף יעדער אנשטענדיגער מענש האבען א זשידאווקע!

— בראווא, יאן!

— שא־א־־א! — דער קשאנדז געהט!

אלע האבען זיך אלאז געטהון אויף די קניה און דער גלח, אז עלטערער, א דיקער אין א ווייסען קיטעל איבער די שווארצע מלבושים, מיט א גרויסען צלם אין דער האנד, איז פערביייגעגאנ־גען.

— די נישט גלויבינגע ווערען נאך פאר'ן טויט פרימער ווי אנ־דערע!

— ס'לעבען איז נאריש.

— וואס מיינסטו?

— אט האט א מענש אפגעלעבט איבער פערציג יאהר, אויפ־גערודערט א וועלט, געמארדעט ווער עס איהם געשטאנען אין וועג, געוואלט די וועלט בעסער מאכען און יעצט?

— סטאך פילאזאפירט שוין?

ס' איז געווארען מיט אמאל שטיל. פון די צועפענטע טהירען, וואו דער טויטער איז געלעגען אין א נעוועהנליכע טרומנע, האט זיך געטראגען א באסאווע שטימע. דער ווייררוך, וואס האט זיך געהויבען פון א זילבערנעם קעסעלע, האט אנגעפיהלט די צימע־רען און אלע האבען זיך צורוקט, שטום געווארען, ווי דער שרעק פאר'ן טויט וואלט זיי פאראליזירט.

שרה'קע איז געשטאנען אין דער אפענער טהיר, געזעהן ווי רוטקאווסקי קניהט, ווי א דאמע אין שווארצען, נאך א יונגע, שטעהט מיט פערבראכענע הענד צוקאפענס די טרומנע, האט זי פערשטאנען, אז דאס איז זיין געוועזענע ווייב. ס'איז איהר מיט אמאל געווארען אונהיימליך, געהאט דאס געפיהל ווי זי וואלט געשטאנען אין א פוילישען קאשטשאל בשעת דער גאטעס־דיענסט. אלע ארום האבען געקניהט, בלויז זי, די דאמע אין שווארצען, און קראנענבערג זיינען געשטאנען. זי איז בייז געווען אויף זיך, נישט געוואלט טראכטען און אין קאפ איז איהר אלץ אין איינעם געקראכען, אז קראנענבערג מיט דער דאמע וואלטען געווען א פאר. ביידע פון דערזעלבער הויך, ברונעטען, ברוינע אויגען, ווי דורכזיכטיג בייריש ביער. זי האט זיך באגעגענט מיט דער דא־

מע'ם בליק, צוטומעלט געווארען, ווי יענע וואלט ארויסגעלייענט איהרע געדאנקען און בייז געווען פארוואס זי קניהט ניט, ניט ניט אפ איהר געוועזענעם מאן דעם לעצטען כבוד. דער וויירוך, דעם גלח'ס געזאנג, די דאמע אין שווארצען, אלץ האט אויף איהר אזוי געווירקט, אז גלייך ווי דער גלח האט געענדיגט איז זי צו־געגאנגען צו קראנענבערג'ען און איהם געבעטען ער זאל זי גלייך אפפיהרען א היים, זי פיהלט נישט גוט.

רוטקאווסקי איז צוגעשטאנען זיי זאלען בלייבען. קראנענ־בערג האט צוגעזאגט באלד צוריק צו קומען, וועט נור אפפיהרען די דאמע. און ער איז ארויס מיט שרה'קען.

זיצענדיג אין שליטען האט זי אפגעאטהעמט, זיך געוואונדערט פאר וואס דער בית הקברות ריח פיהלט זיך פון יעדען טויטען און געטראכט וועגען איהר מוטער.

זי האט זיך איינגעטוליעט, אראפגעלאזט דעם קאפ:

— נאריש:

— וואס, ס'לעבען?

— אלץ!

— ווען מענשען וואלטען געוואוסט ווי צו לעבען, וואלט נישט געווען קיין גרעסערער פרייד ווי דער טויט. נאך א טאג, ווען מען איז זעהר מידע, קען זיין עפעס בעסער ווי א ווייך בעט? די צרה איז וואס מיר האלטען זיך איז אייז ערגערען, ווערען קיינ־מאל נישט צייטיג, דען נור צייטיגע פירות ציהט צו דער ערד. איהר אליין, נאך אזא יונגע, כמעט א קינד און וויפיעל צרות האט איהר שוין אריינגעכאפט? איהר האט אריינגעכאפט נעגען אייער ווילען, — — —

— שווייגט! — האט זי איהם איבערגעריסען.

— כ'האב אייך נישט געוואלט וועה טהון.

זי האט נישט געענטפערט, געשלונגען איז זיך די טרערען, געוואלט איהם זאגען אז ער האט קיין רעכט, ער איז איהר פרעמד, זעהט ער דען נישט אז זי איז גאנצען זיינע, אז זי שלאפט נישט קיין נעכט, ווארט ער זאל נאך איהר קומען, און ער? — — —

ער האט געדארפט זיין דער לעצטער איהר דאס צו זאגען. ער ווייס אז זיווארט אויף איהם יעדען אבענד מיט הארץ־קלאפע־ניש, ווארט ער זאל איהר זאגען אז ער האט זי ליעב, ער זאל זי אוועקפיהרען אין זיינע וועלדער. וואס שווייגט ער? זיצט לאנגע ווינטער אבענדען, טענה'ט וועגען אלעם און מיידט תמיד אויס וועגען זייערע בעציהונגען. און ווי שטארק שרה'קע האט נישט געוואלט אנריהרען זייערע פארהעלטעניסע, האט דער עקשנות און איינגעבארענער שטאלץ, זי תמיד צוריקגעהאלטען, נישט געוואלט אנריהרען זייערע פארהעלטניסע, האט דער איז תמיד געווען, האט איהר אימיצער אלץ אין איינעם אונטער־געזאגט אז קראנענבערג וועט זי ארויסנעהמען פון דער הויז, וועט מיט איהר אוועק.

איצט האט זיך איהר געדאכט אז זי לעבט אין א טעות, אז קראנענבערג איז גלייכגילטיג, אז דאס רעדט זי זיך איין, נישט געקענט הערען מיט סארע עקשנות ער האלט אין איין פייפען אויף די פערד, האלט נישט פאר וויכטיג צומאל א קוק צו טהון אויף איהר, האט עס איהר פארקלעמט אונטער'ן הארץ, זיך דער־מאנט אין דעם געשטארבענעם, זיך דערמאנט אז זי נעהט א מו־טער ווערען, וועט מסתמא שטארבען און אלץ אין איהר האט גע־שריען. — צו וואס איז דער מענש געבוירען געווארען אז ער וועט שוין מעהר נישט זיין?

---

דעם חודש ווען שרה'קע איז געלעגען געווארען, איז קראנענ־בערג כמעט נישט געקומען. זי איז ארומגעגאנגען א געערגערטע, צעהן מאל א טאג איהם געשריבען בריעף, געזידעלט, אלע צוריסען. געוואהר געווארען הינטען ארום אז ס'איז איהם גאר נישט, איז זי נאך מעהר דערשלאגען געווארען און פון גרויס ערגערניש און עגמת נפש, פריהער געבוירען ס'קינד.

דעמזעלבען טאג האט זי ערהאלטען פון איהם א קאש מיט רויזען. זי האט געווארט אז ער זאל קומען יעדע מינוט. ער איז נישט געקומען. ס'איז אוועק א טאג, צוויי, עטליכע וואכען, ער

איז נישט געקומען. אז ברוך איז געווען גוט אויפגעלעגט, זיך געשפּיעלט מיט'ן זוהן, האָט ער איינמאָל אריינגעוואָרפען אַ וואָרט:

— וואָס זעהט מען עפּעס נישט קראַנענבערגען?

— כ'וויים — איז שרה'קע רויט געוואָרען.

— אפשר איז ער קראַנק?

זי האָט נישט געענטפערט.

— אויב דו ווילסט וועל איך אריבערשיקען פרעגען?

— מען דאַרף נישט.

— פונדעסטוועגען, אַ בעקאַנטער...

— אויב דו ווילסט, שיק!

זיי האָבען זיך נאָך דעם זעלבען טאָג דערוואוסט אז קראַנענבערג איז שוין דריי וואָכען נישט אין דער היים. די עלטערען ווייסען נישט וואו ער געפינט זיך. שרה'קע האָט געפיהלט אַז זי איז שולדיג אין אַלעם, אז איהר עקשנות האָט צו דעם געפיהרט, זי האָט איהם געדאַרפט זאָגען, נישט וואַרטען און ווער וויים? ער איז פעהיג אויף אַלעם! זי האָט אליין מיט די אויגענע העגד צושטערט דעם גליק און איצט געהט זי אַרום און וויינט! גוט אַזוי! זי איז געזעסען מיט'ן קינד אויסגעקוקט אויסיצען דורכ'ן פענסטער, געגלויבט אַז איהר איז באַשערט אָפּצוקומען אויף דער וועלט, אַז זי וועט שוין אַזוי פּטר'ן איהר לעבען אין די שטילע, גרויסע צימערען, תמיד פיינד האָבען ברוך'ן און קינדלען ווי אַלע אידישע טעכטער.

ס'קינד האָט זיך צושריען. זי האָט געקוקט אויף'ן רויטען קינד מיט די פערוויינטע אויגעלעך, נישט געגלויבט אַז דאָס האָט זי געבוירען און עס געלאָזט שרייען. ברוינע איז אריינגעקומען:

— וואָס איז? וואָס שרייט ער, דער פרעסער?

— כ'וויים נישט.

— זעה נור ווי דו האַלסט איהם? ועסט דאָך איהם איבערברעכען?

— האלט דו איהם.

— ווי זיווארפט זיך מיט'ן קינד? וואס, א ‚„בבל“ איז ער? גיב איהם אהער! האץ־צא, האץ־צא, האץ־צא־צא! דו פרעסער, דו! — פארוואס שרייט ער ביי מיר נישט? איך ווייס פארוואס ס'קינד שרייט!

— פארוואס?

— ער זעהט אז די מאמע האט א זויער פנים.

זי האט נישט געענטפערט, צוגענומען ס'קינד, עס אנגעזוינגען און געלייגט שלאפען. זי איז אפגעלעגען א גאנצען אבענד אויף דער אטאמאנע, געקוקט אין פענסטער און געווארט ס'זאל אימיצער אנקומען. ברוך איז אריין מיט א פרייד:

—ווייסט ווער מען כ'האב היינט געזעהן?

— ווער?

— קראנענבערגען.

זי האט זיך איינגעהאלטען, כלומרשט געווען גלייכגילטיג און אזוי כלא ידע א פרעג געטהון:

— וואס מאכט ער?

— געזונד ווי א גוי, געווען זאגט ער אין אויסלאנד, קלייבט זיך צו אונז, ער האט דיך געלאזט גריסען.

— וואו האסט איהם געטראפען?

— א משוגענער, שלעפט זיך מיט א ביקס איבער'ן וואלד!

זי איז פריהער ווי תמיד געגאנגען שלאפען, געוואלט זיין מיט זיך, איינע אליין, געווען גליקליך. בעשלאסען איהם אלץ דא דערצעהלען. געווען זיכער אז ער ליעבט זי, מסתמא פון פערדרוס אוועק, געהט איבער'ן וואלד און חלום'ט וועגען זיין שרה'קען. זי איז אזוי אפגעלעגען ביז א שטיק אין דער נאכט, נישט אויפגעהערט צו חלום'ען און אז זי איז איינגעדרימעלט האט מען לייכט אנגעקלאפט אין פענסטער. זי האט געהערט אין שלאף אז מען קלאפט, געוואלט עפענען די אויגען, נישט געקענט, זיך געערגערט, א צאפעל געטהון און אויפגעקומען. ס'איז געווען שטיל. זי האט זיך געוואלט דערמאנען וואס זי האט געהערט אין שלאף,

נישט גערענקט און זיך גערדעהט אויף'ן געלעגער. מען האט לייכט א קלאפ געטהון אין שויב, ווי מען וואלט אן ארבעס געוואר־פען, האט זי זיך דערמאנט אין חלום און זיך אויפגעזעצט. זי האט געקוקט אין פענסטער, קיינעם נישט געזעהען און אז זי האט זיך לאנג איינגעקוקט אין דער פינסטערניש, האט זי באמערקט א פנים. זי האט געוואוסט אז דאס איז קראנקענבערג, כאטש זי האט איהם נישט געזעהן, מיט הארצקלאפעניש זיך גענומען אנטהון, ארויפ־געווארפען אויף זיך א פוטער מיט שיך, פארגעסען אז ס'נאכט העמד זעהט זיך ארויס און שטיל ארויס אויף'ן גאניק. זי האט דערפיהלט קראנקענבערגען ארום זיך, א ציטער געטהון. די ליכט־לעך אייז וואס האבען געהאנגען ארום זיינע האר האבען אנגע־ריהרט איהר צו־ווארימט פנים. זיי זיינען געשטאנען א ווייל־אהן ווערטער, איינער אין צווייטענס ארעמס און געפיהלט ווי זייי־ערע אטהעמס ווערען שווערער, אפגעהאקטער.

— האסט געבענקט נאך מיר?

— ניין!

— כ'גלויב דיר נישט!

— מא וואס האסטו מיך אזוי לאנג געלאזט ווארטען?

— אז דו האסט מיך נישט ליעב?

— איך?

— טהייערע!

— לאז מיך נישט אליין!

— כ'בין געקומען נאך דיר!

— גוט!

— טא קום.

— אזוי? — האט זי געוויזען אויף איהר הילוך.

— ס'מאכט נישט.

— וואוהין וועל'ן מיר געהן?

— מיין שליטען ווארט אויף אונז:

— און ס'קינד? — איז זי געבליבען שטעהן מיט צושפרייטע הענד.

— ס'קינד מוזמו לאזען.

זי האט נישט געענטפערט, אויף די שפיץ פינגער אריין אין שטוב, אנגעשריבען א פאר ווערטער, עס געלאזט ליגען אויף'ן טיש, געשטאנען א ווײלע איבער'ן קינד וואס איז געשלאפען, ווי א קליין פויגעלע, נישט געפיהלט קיין פערדרוס וואס זי לאזט עס איבער און צוריק ארויס. אהן ווערטער, שטיל, האבען זיי זיך גע'גנב'עט צווישען די בוימער און וואס טיעפער זיי זיינען אריין אין וואלד אלץ באנגער האט שרה'קע אנגעהויבען צו פיהלען, זיך נישט געגלויבט אז זי זאל האבען איבערגעלאזט ס'קינד און אי־מיצער האט איהר אונטערזאגט אז ס'איז נאך נים שפעט, זי קען נאך חרטה האבען און צוריקגעהן. קראנקענבערג האט זי ארומגענו־מען, ארויסגעשלאגען אלע ספקות פון קאפ, זי אריינגעזעצט אין שליטען, פעסט איינגעטוליעט און זיי זיינען פערשוואונדען אין געדיכטען וואלד.

— 14 —

דער לעצטער אין דער משפחה.

גלײך װי דער פריהמארגען האט זיך גענומען פון װאלד ארויס־שנײדען, בעזילבערט די שפיצען פון די בוימער, די דעכער פון די שטאלען, איבערלאזענדיג שטיקער ליכט דא און דארט, האט זיך ברײנע אויפגעכאפט.

זי האט געװאוסט אז הײנט איז שבת, מען קען אביסעל לענ־גער שלאפען, אויסרוהען די אלטע בײנער, האט זי אבער פון גע־װאהנהײט מעהר נישט געקענט ליגען און איז אראפּ פון בעט.

ברײנע האט זיך אפגעגאסען די נעגעל, געזאגט א פּאר אידי־שע װערטער און געעפענט א קופער מיט װעש. פון צועפענטען קופער האט געשלאגען מיט עפּעל־ריח, מיט שמעקענדיגען קיהן — האט ברײנע א צופרידענע פונאנדערגעװארפען די פרישע, װי די בלעטער, אויסגעמאנגעלטע שטיקער װעש און געקוקט צו זײ זײנען גאנץ. זי האט געװאוסט אז מרדכי האט נישט ליעב פער־ריכטע װעש און געטראכט בשעת־מעשה, אז אם ירצה השם, אויף סוכות װעט מען דארפען קויפען א שטיקעל װעב, דען די העמדער רײבען זיך אויס.

ברײנע האט גענאכט צװײ פּעקלעך, פערמאכט דעם אנגע־פראפּטען קופער און געװען גליקליך װאס אין שטוב איז אזא שפע, װאס הײנט אז שבת און װאס דער שבת שמעקט ארויס פון יע־דען װינקעלע; פון די זילבערנע לײכטערס װאס שטעהען אויף׳ן טיש, פון מעשענעם בלישטשענדען הענג־לײכטער, פון די היה־נערשע בײנדלעך װאס װאלגערען זיך אויף דער פּארלאגע נאך דער

נעכטיגער סעודה און אפילו פון וואַלד. שבת רוהט אויך דער וואַלד.

ברײנע איז אַרײנגעקומען זעהן צו דאָס קינד שלאָפט. פײ־געלע איז געלעגען אַז אָפּגעדעקטע מיט׳ן רעכטען הענטעל אונ־טער׳ן קעפּעל און לײכט געשלאָפען. ברײנע האָט זי נישט געוואָלט איבערוועקען און געטראַכט אַז אפילו די האָר זײנען שרה׳־קעס. גלײכע, שוואַרצע, פאַלען אין די אויגען אַרײן ווי פּאַסמעס. און וואָס לענגער ברײנע האָט געקוקט אויף פײגעלען מיט די פרישקײט אין די מאַטע באַקען, מיט דעם שמײכעל אַרום די ווינק־לען פון מויל, אַלץ וואַרימער איז איהר געוואָרען.

— פּונקט די מאַמע, ס׳ זאָל פעהלען אַ טראָפּען — האָט די אַלטע שטיל געזאָגט און זיך מיט אַמאָל צופינטעלט — מען דאַרף דאָך האָבען אַ האַרץ פון אַ מערדער איבערצולאָזען אַזאַ שוואַלב. און ווער האָט זיך געקענט ריכטען אויף שרה׳קען, בײ אַזאַ וואויל־טאָג ?

זי האָט פּאַמעלעך אונטערגעהויבען דאָס קישען און הינ־טערגעלעגט די וועש. פײגעלע האָט זיך דורכגעוואָרפען, צועפענט אויף אַ רגע די אויגען :

— שפּעט, ברײנע ?

— שלאָף, שלאָף ! מעגסט נאָך שלאָפען, קינד מײנס ! דאָס האָב איך דיר וועש אָנגעגרײט — האָט די אַלטע פײגעלען בערו־היגט און זי אַרומגעדעקט מיט דער קאָלדרע.

פײגעלע האָט זיך אויסגעדרעהט, אײנגעטוליעט און פערשלאָ־פענערהײד זיך געפּיעשטשעט :

— טאָ לעג אַרונטער די וועש אונטער דער קאָלדרע ! אַז ס׳איז קאַלט !

— גוט, גוט, קינד מײנס ! בריליאַנט מײנער, שלאָף ! — האָט די אַלטע זיך בײ איהר געבעטען. אונטערגערוקט די וועש אונ־טער דער קאָלדרע און אָפּגעשפּראָכען אַן עין־הרע.

זי האָט אַרויפגעוואָרפען אויף זיך איהר ווײסען שבת׳דיגען קאַפּטען מיט שפּיצען און, ווי אַ ווײב, איז ברײנע אַרײן אין דער

סאַליע, וואו מרדכי איז געשלאָפען און איהם אוועקגעלעגט צופו־סענס די וועש.

מרדכי׳ס שוואַרצע באָרד, דורכגעוואָרפען מיט גרויע האָר, איז נגיד׳יש געלעגען איבער דער ווייסער קאָלדרע, דאָס גאַנצען פּנים האָט געשמייכעלט — האָט די אַלטע ברײַנע אויפגעהויבען איהרע פּייכטע, פרומע אויגען און אַ גליקליכע אַפּגעזיפצט:

— אוי, טאַטע־פאַטער, כ׳בין דאָך נישט מעהר ווי אַ זינדיגע אשה, געלויבט זאָל זיין דער הייליגער נאָמען רערפאַר!

ברײַנע האָט נאָך געדיענט ביי מרדכי׳ס טאַטע, וועלכער האָט איהר געגעבען פינף הונדערט גילדען מיט אַ קוה נדן און זי חתונה געמאַכט פאַר אַ דאָרף־שניידער. באַלד נאָך דער חתונה האָט מען דעם שניידער צוגענומען פאַר אַ זעלנער און ער איז דאָרט געשטאָרבען. ברײַנע איז צוריק געגאַנגען אויף איהר אַלטער שטעל, שפּעטער איבערגעגאַנגען צו מרדכי׳ן, וואו זי איז פערבלי־בען די איינציגע בעל־הבית׳טע, געפיהרט דאָסווירטהשאַפט לויט איהר איינענעם שכל.

און אַז ס׳האָט געטראָפען מרדכי האָט איהר עפּעס אויסגע־רעדט, האָט זי זיך צושריען אויף איהם, געשטראָשעט אַז זי וועט אוועקגעהן, אַז ביי מרדכי׳ס טאַטען, עליו השלום, האָט זי אויך אַזוי געפיהרט, דאָרף מרדכי נישט קליגער זיין!

מרדכי׳ן האָט הנאה געטהון וואָס זי שרייט אויף איהם, ער האָט זי איינגענומען מיט גוטע רייד און איהר תמיד דערמאַהנט, ווי זי האָט איהם אינגעלוויז געשמיסען.

די אַלטע האָט זיך גערויטעלט ווי אַ מיידעל און פאַרשעמט געשמייכעלט:

— זייט איהר טאַקע אויסגעוואַקסען אַ מענש!

ברײַנע האָט זיך אָנגעטהון די שפּאַקולען, גענומען דעם קרבן־מנחה סדור און אַרוים אויף דער וועראַנדע. אַלץ האָט געלויכטען, געבליטשעט, ווי אָפּגעגאָסען מיט זילבער. די ווייכסעל, אַ קלאָה־רע, האָט געבלענדעט די אויגען, אָנגעזאָגט אַ פרייד.

פון וואַלד זיינען אָנגעקומען אַ מחנה וורובליעס, זיך צושאָטען

אין מיטען הויף ארום דער קאריטע מיט וואסער. די פיינעלעך האָ־בען זיך געפליעסקעט אין וואסער און פרישע, אויסגעצוואָגענע האָ־בען זיי זיך גענורעט אין דעם ווייסען זאמד וואס ארום דעם ברו־נען און געצוויטשערט.

פון מאָל צו מאָל האָט זיך א האָהן א שטעל געטהון אין זיין גאנ־צער גרויס, צושפרייט די פליגעל און זיך צוקרעהט. פון אלע זיי־טען האבען זיך צו איהם גענומען טראגען וואקלענדיגע היהנער מיט נארישע קעפלעך. די היהנער האבען געשארט מיט די פיס־לעך, געזוכט. און דער האָהן א שטאָלצער האָט זיך אפגערוקט אן א זייט און געקוקט ווי די ווייבער עסען.

ברײנע האָט געלאָזט ליגען דעם סדור אויף א בענקעל. זי האָט גענומען אין פארטוך אריין אביסעל ווייץ, אראָפּ פון דער וועראנדע און גענומען רופען:

— ציפּ, ציפּ, ציפּ, ציפּ, צי — — — פּפּ!

די היהנער האבען זיך געווארפען איינע איבער דער אנדערער, געפאלען, זיך געיאָגט צו ברײנען פון אלע זייטען.

ברײנע איז געשטאנען אין דער מיט, די שפּאקולען אויף דער נאָז און הנאה געהאט ווי די היהנער עסען. זי האָט די שפּיצען פון פארטוך אריינגעמאכט אין גארטעל, געכאפּט יעדעס מאָל אַנ־אנדער הוהן, געטאפּט אונטער'ן פליגעל, געבלאָזען — — —

— קיין עין־הרע א הייטעל!

— אָן עוף, א שטום באשעפעניש און ווי דאס פּיעסטשעט זיך! אסור, להבדיל א מענש! נו, „שונדא, שונדא" האָט ברײ־נע גערופען און אויסגעשטרעקט א קליין, ציטערדיג הענטיל.

דאס היהנדעל האָט צושפרייט די פליגעל, זיך צוגעזעצט און זיך געלאָזט כאפּען. ברײנע האָט דעם היהנדעל אונטערגעט־טראָגען א האנד מיט ווייץ:

— נו, עס, עס! ס'פּיסעל וועט זיך אויסהיילען! ווילסט נישט? ביזט חולה? — האָט די אלטיטשקע גע'טענה'עט און צו־געטוליעט דאס היהנדעל צו דער ברוסט — אז ס'איז א צער בעלי־חיים!

דער קאַלמענעוואַטער הונד מיט'ן דרענגעל צווישען די פיס איז אַרויס פון דער בודע, באַשמעקט די אַלטע ברײנע, זיך געזעצט אויף די הינטערשטע לאַפּעס, געקלאַפּט מיט אַ פאָדערשטע לאַפּע זיך איבער אַן אויער, אַרויסלאָזענדיג בשעת־מעשה אַ געניץ און ערגעץ וואו פערשוואונדען.

ברײנע איז צוריק אַרויף אויף דער וועראַנדע, זיך אָנגעריבען אָן דעם שויב די הענד און גענאָגט אַ שבת'דיגע תחינה. זי האָט יערע ווײלע אויפגעהערט זאָגען, זיך איינגעהערט צו מען שלאָפט נאָך, זיך אַרומגעקוקט און אָפּגעזיפצט:

— אוי, טאַטע־פאָטער, מען טאָר דאָך נישט זינדיגען!

„— — — און דו זאָלסט אָנטפאַנגען מיין תפילה, אַזוי ווי דו האָסט אָנטפאַנגען די תפילה פון אונזער מוטער חנה — —

די היהנער זיינען אַריין אין גאָרטען צואוואָרפען מיט די לאַפּקעס די בייטען, אויסגעגראַבען דאָס גרינס.

„— — — און אַזוי ווי דו האָסט אָנטפאַנגען די תפילה פון דבורה'ן — — — אַשאַ, אַשאַ! — — — האָט ברײנע געלאָזט ליגען דעם סדור, אַראָפּ פון דער וועראַנדע און גענומען אַרויסיאָגען די היהנער.

פון פערד־שטאַל איז אַרויס דער פּאַראָבאָק, אַ יונגער פויער, מיט אַ בייטש אין דער האַנד. ער האָט זיך אַרומגעוואַשען ביי דעם ברונען, זיך צוקנאַלט מיט דער בייטש און אַריינגעקוקט צו די בהמות.

אַ יונגע שיקסע מיט אַ קיילעכדיג פּנים, ווי אַ רויטער צייטי־גער עפּעל, איז געזעסען אויף די קיטשקעס, ס'קלייד צווישען די פיס און געמאָלקען אַ קוה. זי האָט יערע ווײלע נאָס געמאַכט די פינגער אין דער מילך, זיי זאָלען זיין גלימשיג, געאַרביים מיט ביידע הענד און פּאַרינע מילך האָט זיך געשוימט פון עמער אַרויס.

— נוט מאָרגען! ביזטו שוין אויפגעשטאַנען, מאַגדאַ? — האָט דער פּאַראָבאָק זי געפרעגט און אָוועקגעשטעלט די בייטש ביי דער טהיר.

— נאָך נישט! — האָט די שיקסע זיך צולאַכט, אונטער־

נעהויבען א ווארצעל און א מעלק געטהון דעם שייגעץ אין פנים אריין.

א צופרידענער האט זיך דער פאראבאק אפגעווישט, אראפ־גענומען פון דער וואנד די „פאטשארקעס“, אנידערגעקניעט אויף א בונט־שטרוי און תפילה געטהון. ער האט געהאלטען אין איין איבעררוקען די „פאטשארקעס“ , געמאכט מיט די ליפען און געקוקט אויף דער שיקסעס פולע פלייצעס, אויף דער שוימענדער מילך — האט עס דעם יונגען פויער צונומען און ער האט די שיק־סע א קיצעל געטהון מיט דער בייטש אין קארק.

די שיקסע האט זיך א טרייסעל געטהון, אנגעווארען דאס גלייכגעוויכט, זיך קוים דערכאפט און זיך געבעטען:

— משעפע נישט, וואצעק! כ׳וועל נאך די מילך אויסגיסען!

וואצעק האט געהאלטען אין איין זאגען ברכה, זיך שוין גע־נומען קלאפען אין הארץ אריין, געזעהן ווי מאנדא שטעלט זיך אויף, איז ער אויך אויפגעשפרונגען, ארומגעכאפט די שיקסע און זי צוגעקוועטשט צו דער וואנד.

בריינע האט אריינגעקוקט, באמערקט דאס פארעל און אויס־געשפיגען: — באלד אין דער פריה, ווי בהמות!

די שיקסע האט זיך א ריס געטהון, זיך פארשעהמט און זיך גענומען קלאגען פאר בריינען:

— וואצעק לאזט נישט מעלקען די קוה, ער טשעפעט זיך!

— נעה, נעה, טרייב בעסער ארוים די פערד אויף דער לאנקע! נור צו ראמאנסירען ליגט דיר אין קאפ! — האט די אלטע גע־שריען אויף׳ן פאראבאק און זיך געווענדעט צו דער שיקסע — און דו ביזט נישט בעסער פון איהם, מען דארף אייך ביידע ארויס־טרייבען! נו, באלעמוטשע נישט, כ׳האב נישט קיין צייט צו ווארטען!

א נישט צופריעדענע איז בריינע געשטאנען אין שטאל, ווי מען וואלט איהר פארשטערט דעם שבת־קודש, געווארט ביז די שיקסע האט אויסגעמאלקען אלע קיה און איז ארויס אויף׳ן הויף. עס איז געווען שטיל. פון וואלד האט זיך געטראגען א שטיל זשו־

מעריי. אז זי איז צוריק ארויף אויף דער וועראנדע, האט זיך פון שטוב מיט א שבת'דיגע רוהיגקייט געטראגען.

„— — — אוי, מלבוש ערומים!"

בריינע האט אנגעריבען די הענד אן דער וואנד:

— ברוך הוא, ברוך שמו, אמן!

ר' לייב מוכר ספרים האט געדאוונט פון פארענט. ר' לייב, א קליין, דאר אידעל מיט א שיטער בערדעל האט זיך ארומגע־שלעפט מיט א פערד און וועגעלע איבער די ארומיגע שטעדטלעך, אויסגעשטעלט זיינע ספרים אין יעדען בית המדרש און אויף שבת, אויב ס'איז נור געווען מעגליך האט ער פערקירעוועט צו מרדכי „שרייבער" אין וואלד אריין. אי מרדכי, אי דער מוכר־ספרים זיינען געווען צופריעדען. מרדכי'ן איז פשוט היימליכער געווען, ס'האט דערעסען דער ישוב, ס'האט זיך געוואלט דורכשמו־עסען מיט א אידען. דער מוכר־ספרים ווידער האט זיך איינגע־בראכט א שבת און מיטגענומען אייער מיט פוטער אויף א גאנצע וואך.

— גוט־שבת, בריינע — האט דער מוכר־ספרים ארויסגע־שטעקט דעם קאפ אויף דער וועראנדע — האט איהר אפשר א גלאז־טהעע?

— כ'האב, אודאי האב איך — האט זי א צופריעדענע גע־ענטפערט און איז אריין אין שטוב.

דער מוכר ספרים אין זיין ווייס אויסגעמאנגעלט העמד, לאנ־גען טלית־קטן און סאמעטענעם קאפעל איז ארוים אויף דער ווע־ראנדע. ער האט געהאלטען אין ביידע הענד א גלאז טהעע און געזופט מיט אפעטיט, בריינע מיט די ברילען אויף'ן שטערען, מיט א פוסען בענקעל אין דער האנד, איז איהם נאכגעגאנגען.

— נו, ר' לייב'על, וואס הערט זיך? — האט בריינע גע־פרעגט און זיך אוועקגעזעצט — איהר האט גערעדט מיט מרדכי'ן וועגען דעם שידוך?

— וואס וועט העלפען רעדען — האט ר' לייב א ציה געטהון מיט די דארע אקסלען — גלויבט מיר, בריינע, אז עס וואלט פאר

איהם געוועז, ווי געוואונשען! א וואויל מיידעל, א בעל־הבית'טע, אפילו שקאלעס געענדיגט! און די משפחה? א קליינינקייט! ר' בונם'ל, דער כלה'ס פאטער, דאוועגט ימים־נוראים אין נער, איהר פארשטעהט? מוסף דאוועגט ער! וואס זאל מען זיך נא־רען, ברײנע, כ'האב טאקע גערעכענט כ'וועל אבשוימען ביי מרדכי'ן א פאר רובעל, נור טענה מיט איהם, שטארקער פון אייזען בין איך נישט!

— כ'וויים — האט ברײנע געשטאמעלט — איהר האט איהם גערארפט זאגען — — — מען דארף דאך אייך נישט לערנען? ווי קומט עס טאקע, כ'וויים — — א איד, א בן־תורה — — טאקע, ווי איז מען דאס אהן א ווייב?...

— וואס רעדט איהר, ברײנע, מיר האבען זיך שוין שיעור נעכטען נישט צוקריגט. ער האט א נדר געטהון, טענה'ט ער, צייט דער אומגליק האט איהם געטראפען מיט דער טאכטער, מיט שרה'קען מיין איך, מעהר נישט חתונה צו האבען.

— הייבט זיך אן? — האט די אלטימשקע זיך א קרום געטהון נישט פאר אונז גערארכט, נישט פאר אלע וויסטע ווערלדער גע־דאכט, ווען לאה, צו לענגערע יאהר, איז דערטרונקען געווארען, האט ער דאך אויך א נדר געטהון נישט חתונה צו האבען. גענומען האדעוועז שרה'קען און איצט אז די טאכטער איז אנטלאפען הא־רעוועט ער דאס אייניקעל!

— ס'איז טאקע אמת, אז שרה'קע איז אין אמעריקא? — האט ר' לייב א נייגעריגער זיך געפרעגט.

— און אז נישט אין אמעריקא? ס'איז א שטראף פון גאט, ר' לייבעל — האט די אלטע אפגעזיפצט.

— נו פארשטעהט א וועלט, — האט דער מוכר־ספרים צונר־מען די הענד — מען זאגט אז עלעטערע מויד, כ'וויים — — — מוז עוקר־מדינה זיין, אז דא ביי אזא רייכטהום, וואס האט איהר געפעהלט? און ברוך? א רחמנות אויפ'ן יונגען מאן!

מיט א ברייטען גוט־שבת איז מרדכי ארויס אויף דער ווערא־נ־דע איז א פאר שטעק שיך און אין א געקעסטעלטען שלאף־ראק.

ער האָט צונומען זיין לאַנגע שוואַרצע באָרד, מיט די גרויע האָר, אַפּגעהוסט און אַראָפּגעהענדיג פון די טרעפּלעך האָט ער אַ פרעג געטהון: — נו לייב'על, ביזטו עפּעס גוט געשלאָפען?

— שוין לאַנג אַזוי נישט געשלאָפען, ר' מרדכי!

— גוט, גוט — — — —

מרדכי איז נעגאַנגען צו'ם וואַלד, געזעהן ווי ער ווערט שי־טערער פון יאָהר צו יאָהר און ס'האָט איהם עפּעס באַנג געטהון. איהם האָט זיך גערעכט אַז ער איז דער לעצטער אין דער משפחה, איז אַ פערצווייגטער בוים, זיצט ערגיץ טיעף אין וואַלד און וואָס מעהר מען האַקט די ביימער, אַלץ מעהר דעקען זיך זיינע וואָרצ־לען אָפּ און ער וועט איינדאַרען. מרדכי האָט געקוקט אויף די אַראָפּגעלאָזטע ביימער, געזעהן אויף טריט און שריט ווי דער וואַלד ווערט חרוב, האָט איהם אַ צער אַרומגענומען. ער האָט געוואוסט אַז ביי אַזאַ האַקען, קען דער וואַלד מעהר נישט גערויע־רען פון פינף, זעקס יאָהר. און דעמאָלט? ער האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט טראַכטען דערפון. אַלע האָבען איהם צוגע־רערט ער זאָל זיך ציהען אין שטאָדט אריין, ער זאָל חתונה האָבען און מיט אַז אמת איז שווער געווען צו זיין אָהן אַ ווייב, שלעכטע מחשבות זיינען נעקראָכען אין קאָפּ אריין, נישט געלאָזט שלאָפען. איז זיין איינציגע טאָכטער פון איהם אוועק, איהם איבערגעלאָזט אַז אייניקעל. ווי ס'רעדעל דרעהט זיך. דאָס זעלבע וואָס האָט פּאַסירט מיט איהם, חזר'ט זיך איבער מיט זיין טאָכטער. פון דעם טאָג ווי שרה'קע איז אוועק, האָט דער פאָטער מעהר איהר נאָמען נישט דערמאָנט צווישען מענשען, נישט געוואָלט וויסען וואו זי געפינט זיך, נישט געלייענט איהרע בריעף. מיט וועהטאָג האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי די אַלטע אידישע קייט געפלאָכטען פון נאָט, דער תורה און ישראל ראַסטעט און צעפאַלט. ביי זיין פאָטער איז נאָך געווען אַ גאַנץ אידיש לעבען, נישט געוואוסט אַז ערגיץ וואו האָט אַ „הויקער" אַרויסגעוואָרפען פון דער קייט דעם „ישראל", ער, מרדכי, איז בחור'ווייז נאָך ווייטער אוועק, ער האָט דעם „גאָט" אויך פערלוירען און געוואָרען אומגליקליך.

וואס פארע ווערט האט זיין תשובה טהון, אז די קניפּען אין דער קיים האלטען זיך נישט מעהר, צעקריכען ווי שפּינוועבס פאר זיינע אויגען? איז זיין טאכטער אין גאנצען הפקר, זיך בעפרייט פון אלעם און ער האט זי אויסגעמעקט, נישט געוואלט מעהר ווי־סען פון איהר.

ער איז נאך פרומער געווארען, אפּטער געפאהרען צו'ם רבי'ן, זיך געקלאגט וואס ער איז ווייט פון א אידישען ישוב, האט זעל־טען אן עליה, האט דער רבי נישט געהייסען דאגה'ן, זיצען אין וואלד, ס'וועט מסתמא אונטערוואקסען א יונגער. ער האט געהיי־סען מאכען יעדען שבת א מנין, נישט זשאלעווען נאך א פוהרעל האלץ פאר א בית־המדרש, פאר א תלמוד תורה, דען ס'איז ניטא קיין הארציגערע זאך ביי גאט, ווי ברכה פון קליינע אידישע קינ־דער און ס'קען נישט זיין קיין שעהנערע וועלט, ווי אין יעדען אידי־שען הויז זאל זיין ווארעם און קליינע אידישע קינדער זאלען דאנקען זיין הייליגען נאמען.

פון וואלד איז איהם אנקעגען געקומען דער לעשניק אין א לעדערנעם רעקעל. מיט איהם איז געגאנגען א הויכער פויער מיט א פעקעל אונטער'ן ארעם. זיי האבען אראפּגענומען די היטלען און זיך איינגעבויגען ביז אין דער העלפט.

— גוט מארגען, פּאניע בעל־הבית!

— גוט מארגען! פון וואנען געהט איהר דאס?

— דאס געהן מיר, פּאניע פון דער „אלשינע" — האט דער לעשניק זיך א קראַץ געטהון אין קאפּ און געוויזען אויף דעם צווייטען פויער — דאס איז מיין שוואגער, שטובאק איז זיין נא־מען, ער וואהנט אין פּאוולאווקע.

— גוט־גוט. צו וואס זייט איהר געוועזען ביי דער „אלשינע"?

— דאס זיינען מיר געגאנגען בעקוקען די טוידטע.

— וואס פאר טוידטע?

— דער פּאן ווייס גאר נישט? בא! — צייגט ער מיט די פינגער אויף'ן שוואגער — ביי איהם הינטער דער אלשינע האט

מען אויסגעגראבען א בית־עולם, דעם פאן׳ס א „סטאראזא־קאנני“ בית־עולם.

— רעה, צו אלדע יאהר!

— כ׳רעד דאך — האט דער לעשניק זיך געקראצט — דאס איז אזוי געוועז — — —

— לאז מיך — האט דער צווייטער פויער וואס האט די גאנצע צייט געשוויגען זיך אריינגעמישט — איך וועל דערצעהלען. דאס איז אזא אינטערעס, פאניע! מיין טאטע, דער זעליגער, האט גע־האט הינטער דער אלשינע א מארג לאנד. דאס לאנד האט ער קיין מאל נישט געאקערט. ער האט מורא געהאט. מען האט געזאגט אז אלע נישט גוטע קומען זיך דארט צונויף. איצט איז אזא אינטערעס, פאניע — נאכ׳ן טאטען׳ס טוידט האט מיך מיין ווייב גענומען טרייבען אז איך זאל צואקערען דאס שטיק לאנד. וואס אמת, איז אמת — א פעט שטיק לאנד! טראכט איך מיר: וואס וועט זיין, וועט זיין, כ׳וועל פרובירען. באלד, ס׳איז אזוי געווען. לעצטע וואך הויב איך זיך אויף פארטאג און פאהר צו מיט א פאר אקסען צו דער „אלשינע“. איך פאהר אפ מיט די אקסען עטליכע טריט — זיי שטעלען זיך אוועק, נישט פון ארט. אז איך כאפ די בייטש, מעסט אפ איבער די מארדעס, וואו כ׳האב נור געטראפען — די בהמות ריהרען זיך נישט פון ארט, קניען אויף די פאדערשטע פיס, רעווען און דא איז שוין באלד מיטאג. טראכט איך — שוין יאהרען נישט געאקערט, די ערד איז הארט ווי שטיין, כ׳וועל מארגען קומען מיט א פאר פערד.

און וואס מיינט דער פאן? די פערד האבען אפגעאקערט אזוי א פינף און צוואנציג טריט און — האבען זיך אויך אוועק־געשטעלט. כ׳בין געווארען בייז ווי א משוגענער הונד, געשלאגען וואו כ׳האב נור געטראפען. די ארימע פערד האבען זיך געררי־סען, געוואלט ארויסשפרונגען פון דער איינענער פעל און צוריק־געפאלען, אזוי ווי אימיצער וואלט זיי צוריקגעשטופט. כ׳קוק זיך ארום — ס׳איז עפעס ניט גלאטיג. עפעס וואלגערען זיך ארום אזוי פיעל שלעסלער. האב איך זיך איבערגעצ׳צלם׳ט. נור נאר

נישט — כ'ברעך אפ א צווייג פון א בוים און מיט'ן גאנצען כח נעהם איך יאגען די פערד. די פערד טהוען א שלעפ — א ווייסער ביין שפרינגט ארויס פון דער ערד. די פערד ווארפען זיך אויף צוריק, קניען אויף די פאדערשטע פיס און נעהמען וויינען, ווי וועלף וואלטען זיך נאך זיי געיאגט. האב איך פון שרעק ארויפגע־נומען דאס צלם'על פון האלז, זיך גענומען צלמ'ען און זיך גע־טראכט אז דאס פעהלט מיר נאך — מיט נישט־גוטע האבען צו טהון און איך בין אוועק אהיים מיט די פערד ווי א ווינט. און פון דעמאלט אן, פאניע, קען איך נים שלאפען. אזוי ווי איך לעג זיך אוועק, קען איך זיך נישט אפיאגען פון זיי — —

— פון וועמען האט מרדכי א נייגעריגער געפרעגט.

— פון די „דוכעס", פאניע. דער אלטער פאוועל, ער האט געוויס איבער הונדערט יאהר, זאגט אז ער האט געהערט פון זיין זיידען, אז דא איז אמאל געווען א אידישער בית־עולם. דאס גאנ־צע דארף הייסט מיר אוועקשענקען דאס שטיקעל פעלד אידען, דען מיט טוידטע הויבט מען זיך נישט אן. זינט וועלט איז וועלט, לי־גען טוידטע אין דער ערד! אט האב איך געבראכט א שטיקעל שטיין, דען פאן וועט עס איבערלייענען. עס איז געשריבען „פא סטאראזאקאננעמו".

דער פויער האט ארויסגענומען פון א זעקעל א שטיקעל פון א מצבה. מרדכי האט זיך איינגעקוקט און איבערגעלייענט:

— „פ. נ. אברהם — — — "

דאס איבעריגע איז געווען אפגעריבען. מרדכי האט בשעת מעשה געפיהלט ווי א קעלט נעהט דורך אלע זיינע גליעדער.

— כ'וויל דער פאן זאל צונעהמען דאס שטיקעל ערד פון מיר — האט דער פויער זיך געבעטען.

— גוט, גוט — האט מרדכי איהם בארוהיגט — קום אריבער אין אבענד וועלען מיר שמועסען געשעפט, היינט איז שבת. און דו — האט ער זיך געווענדעט צום לעשניק — טראג אריבער צו מיר דעם שטיין!

מרדכי איז אפגעגאנגען עטליכע טריט און זיך אומגעקוקט.

די פויערים זיינען פערשוואונדען אין וואלד. ער איז געבליבען שטעהן ביי א בוים, אנגעריהרט די פייכטע קארע מיט דער האנד און א טראכט געטהון אז די זייט פון בוים קוקט נאך צפון.

מרדכי האט פעררייסען דעם קאפ מיט דער לאנגער בארד, גע־קוקט אויף׳ן וואלד און געגאנגען צום בית־עולם.

ביי דער „אלשינע" האט ער זיך אפגעשטעלט. ער האט אראפגעלאזט דעם קאפ, זיך דערמאנט אן דעם ערשטען אידישען ישוב וואו דער גרייז ר׳ אברהם האט פעריאגט מיט א שם המפורש די רוחות פון וואלד, זיך דערמאנט אין זיין געהאנגענעם טאטען, וואס האט טריי געדיענט פוילען און א צעוועהטאגטער האט ער דערפיהלט אין זיך אזא ליכטיגקייט, ווי ער וואלט אנגעטאפט אין זיך די פעדים וואס פערבינדען איהם מיט׳ן אלטען בית־עלמין און אלץ אין איהם האט געשריען:

— איך בין דער ל ע צ ט ע ר אין דער משפחה! — — — .

ענדע

ניו יארק.
1912—13

